מנוחה ראַם

# ווינטן




ביי דער
"געזעלשאַפט פאַר ייִדיש-וועלטלעכע שולן אין אַרגענטינע"
בוענאָס-אײַרעס

1964

# אינהאַלט:


| | | |
|---|---|---|
| קאַפּיטל | I | זייט 7 |
| ,, | II | ,, 14 |
| ,, | III | ,, 25 |
| ,, | IV | ,, 31 |
| ,, | V | ,, 37 |
| ,, | VI | ,, 43 |
| ,, | VII | ,, 52 |
| ,, | VIII | ,, 60 |
| ,, | IX | ,, 69 |
| ,, | X | ,, 81 |
| ,, | XI | ,, 89 |
| ,, | XII | ,, 104 |
| ,, | XIII | ,, 115 |
| ,, | XIV | ,, 124 |
| ,, | XV | ,, 130 |
| ,, | XVI | ,, 136 |
| ,, | XVII | ,, 142 |
| ,, | XVIII | ,, 156 |
| ,, | XIX | ,, 163 |

# קאַפּיטל I

גרויער, האַרבסטיקער נעפּל הענגט אין דער לופטן. דער ברוק, די בענק ביי די הייזער און פּלויטן אַרום די גערטנדלעך, אַלץ איז נאָך באַצויגן מיט דינעם, בייגאַכטיקן פראָסט.

אויפן ליידיקן מאַרק שטייט אַ פורל האָלץ, געקומען אַ פּויערל פון אַ נאָענטן דאָרף. איינגעוויקלט אין אַ גרויער סערמינגע, גייט ער אַרום הין און צוריק און קלאַפּט מיט די הענט, וויל זיי דערוואַרעמען. צעטומלט פון דער נישט געוויינלעכער שטילקייט, קוקט ער אין אַלע זייטן.

עס עפנט זיך דער טויער אין הער קאַפּלאַנס הויז. פון דאָרטן קומט אַרויס חיים טאַטער מיט דער ביקס אויפן אַקסל. אין דעם מויער געפינט זיך איצט די מיליץ.

דער פּויערל שפּיצט אָן זיין געהער. האָב איך כאָטש גוט געטאָן מיטן ברענגען דאָס האָלץ — פרעגט ער זיך — געוואָלט קריגן אַ פּאָר הערינג, אַ ביסל זאַלץ. זענען פאַרהאָנגען די פענצטער, פאַרהאַקט די לאָדן ווי אין מיטן נאַכט.

פון וויטן, פון טייך, קומט משהלע דער חסיד. מען זאָגט ער איז אַ היי־ליקער. אין דער גאַנצער געגנט אַרום ווייס מען עס. ער יאָגט צום חסידים־שטיבל. זיין לאַנגער טלית־קטן קוקט אַרויס פון דער צעשפּילעטער קאַפּאָטע. פון זיין באָרד און פּאות רינט דאָס וואַסער, נאָכן טובל־זיין זיך.

ערגעץ טוט אַ סקריפּ. ביי זרח דעם סטאָליער עפנט זיך די טיר. ער טראָגט אַרויס זיין פּאָמוניצע. פאַרקריכט וויט אויפן גאָרטן.

מען שטייט שוין אויף, טרייסט זיך דער פּויער.

געוויינלעך, אין אַזאַ פרימאָרגן, וואָלט ער איבערגעלאָזט דעם וועגל האָלץ אויפן מאַרק און אַנגעקלאַפּט צו מייטשיקן אין „טשיינע". זיך דערוואַרעמט אַ ביסל. היינט ווייס ער נישט וואָס צו טאָן מיט זיך.

אָט האָט זיך באַוויזן פייטשע די שניט־קרעמערקע. פון ליסעגורע־געסל קומט

זי. מיידט אויס דעם מאַרק. מיטן גראָבן סידור אונטערן אָרעם, גייט זי צום ערשטן מנין, אין בית־מדרש אַריין.

מיט אַ פאַרהאַקטן אָטעם וועט זי זיך הויבן אויף די טרעפּלעך פון דער ווייבערישער שול. אַ פאַרסאָפּעטע אַריבערשפּרייזן די שוועל. „אַ גוט מאָרגן דיר רבונו של עולם — וועט זי גלייך אָנהייבן — דיין קנעכט פייטשע איז דאָ. מיין מאַן, ברוך, דיין קנעכט, פאַרשנורעוועט נאָר די שיך. אָט כאַפּט ער דעם פאַלטן און קומט גלייך צו גיין".

ווידער זעט מען קיינעם נישט. בלויז די שווערע טריט פון חיימען קלאַפּן אין אַ הינטער געסל.

דעם פויער ווערט דאָך היימלעכער. אין קלויסטער צעקלינגט זיך דער גלאָק. ער טוט אָבער בלויז אַ פּאָר מאָל אַ ציטער אין דער לופטן און ווערט אַנטשוויגן.

עטלעכע אַלטע בעטלערס, קריכן אַרויס ווי פון אונטער דער ערד און פאַרנעמען זייערע ערטער אויף די קלויסטער־טרעפּ. איינגעקאָרטשעטע בלייבן זיי זיצן צווישן די געלע קאַשטאַן־בלעטער, וואָס באַדעקן דעם גאַנצן פּלאַץ אַרום.

מאַטלע די נייטערין פאַרהייבט דאָס פאָרהאַנגל. אַ פאַרשלאָפענע קוקט זי אַרויס דורכן פענצטער.

— זיץ! — טוט זיך חיים אַ בייזער. — געפעלט דיר נישט די קוואַרטיר?

— דאָס טענהט ער מיט זיין ביקס. אין דער אמתן איז חיים טאָטער זייער צופרידן מיט איר. ער וואָלט געקענט שווערן, אַז שוין מיט אַכט יאָר צוריק, ווען ער איז נאָך געווען אַ קאָמסאָמאָל, האָט ער זיך אַלץ פאָרגעשטעלט, פּונקט אַזוי ווי עס איז. טאַקע אַז אַזוי וועט ער גיין מיט דער ביקס אויפן אַקסל.

יאָ, טראַכט חיים, שוין טאַקע אַכט יאָר.

צייט די סאָוועטישע אַרמיי איז אַריין, גייט ער אַרום אַ צעשטראַלטער. איז אָבער געשען אַ צרה, שוין דאָס ווייפלסטע מאָל, אַז מען שיקט אים ברענגען דעם חבר מנחם. עס קאָכט אין אים דאָס האַרץ. ער ווייס גאָרנישט ווי עס צו פאַרשטיין. וואָס ווילן זיי פון חבר מנחם? ער, חיים, איז דאָך דאָ. פאַר וואָס פרעגן נישט די „טאָוואַרישטשעס" ביי אים? ער איז דאָך טאַקע דער, וואָס וואָלט זיי געקענט איינס און צוויי אַלץ אויפקלערן. עפּעס זעט עס אים אויס אַ ביסל קשה. אָט האָט מען מיט אַ פּאָר טעג צוריק אָפּגעפירט אין טורמע דעם אַלטן חבר זלמן. אַ פריקרע זאַך. מען שמועסט אַז זיי האָבן מיט אים חשבונות, נאָך פון פינפטן יאָר אָן. גיי ווייס. ווען עס זאָל טאַקע זיין אַזוי איז פאַר וואָס טשעפּען זיי זיך צו מנחמען? פאַר וואָס פרעגן זיי נישט אים, חיימען,

פריִער, נאָר פֿאַרפֿלאָנטערן אַזעלכע פּשוטע זאַכן. ער וואָלט דאָס זיי גלייך דערקלערט:

מיר אַלע דאָ, פֿון דער זייט גרענעץ, האָבן געוואָלט די סאָציאַלע רעוואָלוציע. האָבן מיר געקעמפֿט דערפֿאַר. נאָש־בראָט האָבן זיך געשפּאַרט צווישן זיך.

ווען עס פֿלעגט אָבער קומען צו אַ קריגעריי מיטן באַלעבאָס, פֿלעגן אַלע לויפֿן צום חבר מנחם. בעתן שטרייק אויפֿן טאַרטאַק, בין איך דער ערשטער געלאָפֿן צו אים. ער האָט טאַקע וועלטן איינגעלייגט און מיר האָבן אויסגעפֿירט. פּלוצלינג אַן איינפֿאַל... זיי ווייסן דאָך גאָרנישט וואָס זיי טוען... גיי פֿיר מנחמען אונטער דער ביקס. שיין זעט עס אויס... עפּעס האָבן זיך ביי זיי פֿאַרשטאָפּט די קעפּ. נישט זיי ווייסן און נישט זיי פֿרעגן... אַזאַ יאָר מיינע שונאים, וואָס פֿאַר אַ פּירעכץ דאָס איז.

דערגנענטערט זיך צו מנחמס שטוב, קוקט חיים בגנבה אַריין דורכן פֿענצטער.

— ער איז דאָ, מנחם, זיצט נעבן קינד.

וויפֿל מאָל ער איז שוין געווען, טרעפֿט ער אים שטענדיק ביים בעטעלע. ער זיצט אַ פֿאַרטראַכטער און פֿאַרזיכטיק מיט איין פֿינגער גלעט ער זיין טעכטערל. מיט דער גאַנצער האַנט, זאָגט ער, טאָר מען זי נישט גלעטן. אַ צו שווערע סטאָלאַרסקע האַנט.

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ שטעלט זיך חיים אַריין און בלייבט ביי דער טיר. ער וואַרט־אָפּ אַ ביסל, שווייגט, וויל מנחם זאָל אים דערזען.

— חבר מנחם, זיי האָבן דיר שוין ווידער גערופֿן.

— אָ, דאָס ביסטו, חבר חיים, אַ גוט מאָרגן. קום אַריין. איז ווי גייט עס דיר?

אַ פֿאַרלוירענער חזרט חיים איבער:

— חבר מנחם, זיי האָבן שוין ווידער געשיקט נאָך דיר. — און עס דוכט זיך אים, אַז מנחם קוקט נישט אויף אים, נאָר אויף עמעצן וואָס שטייט הינטער זיינע פּלייצעס. צו יענעם שאָקלט ער עס מיטן קאָפּ און זאָגט:

— יאָ, יאָ... אַזוי... אַזוי...

חיים פֿאַרלירט זיך נאָך מער. ער דרייט דעם קאָפּ אַ הינטער, ווייס אַליין נישט, האָט מנחם געהערט צי ניין? וואָס זאָל ער טאָן? ער מוז דאָך אים דאָס זאָגן.

פּלוצלינג טוט זיך מנחם אַ הייב אויף, לייגט אַרויף די האַנט אויף חיימס אַקסל.

— נו, גוט... שאַדט נישט חיים — זאָגט ער אים — איך ווייס, ביסט פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַרן ברענגען מיך. גיי רויִק איך קום גלייך.

חיים גייט גיך אַרויס. ער הייבט דעם אַקסל, איינצוהאַלטן די ביקס. אים דוכט זיך כסדר, אַז זי פֿאַלט אים אַראָפּ.

— זיך, אַ נכפּה אויף דיר! — לאָזט ער אויס צו איר זיין ביטער האַרץ — געפֿעלט דיר נישט צו זיצן ביי חיים מיליציאָנער אויפֿן אַקסל? אַזאַ יאָר מיינע שונאים, וואָס פֿאַר אַ פּירעכץ דאָס איז.

***

פֿון איבערן באַרג, הינטער מנחמס שטוב טראָגט זיך אַ קראַקערייַ פֿון פֿייגל. לעצטע בלעטער פֿאַלן פֿון די כמעט נאַקעטעביימער. דער ווינט דרייט זיי אין דער לופֿטן, באַרג־אַראָפּ. אין קופּעס וואַלגערן זיי זיך ביי די ווענט פֿון די הייזער.

קוים, קוים דערטראָגט זיך אַהער, דער גערויש פֿון גאַס, וואָס ליגט צופֿוסנס דעם באַרג.

ביי מנחמען אין שטוב איז שטיל.

— אסתר! — טוט מנחם פּלוצלינג אַ רוף, ווי זי וואָלט נישט געווען נעבן אים. — אסתרל!

זי קוקט אים אָן און כאַפּט־אויף זיין פֿאַרלוירענעם בליק, נאָך איידער ער צעשמייכלט זיך.

אסתר קען גוט דעם שמייכל, אונטער וועלכן מנחם וויל באַהאַלטן זיין צעטראָגנקייט. עס טוט איר וויי און וואַרפֿט אָן אויף איר אַ פּחד. שטייט זי אַנטקעגן אים, קוקט מיט כלומרשטן חידוש און וויל אויך פֿאַרשטעלן איר אייגענע פֿאַרלוירנקייט. זי האַלט אָבער נישט אויס און אירע אויגן לאָזן זיך אַראָפּ.

גרוי און קורץ זענען די טעג. אין די לאַנגע נעכט הודזשעט דער ווינט אין די ביימער אויפֿן באַרג. ער פֿאַרטומלט אָבער נישט דעם גערויש פֿון דורכפֿאָרנדיקע אויטאָס, וואָס דערטראָגט זיך אַהער פֿון שטאָט. יעדער פֿאַר זיך, סיי מנחם, סיי אסתר, פֿאָלגט נאָך זייער שאָרך און ווייסט גענוי, אין וועל־כער ריכטונג דער וואָגן האָט זיך דערווייטערט.

עס איז שטיל. זעט אויס מנחם האָט איינגעדרעמלט.

אסתר הייבט זיך אונטער אויפֿן געלעגער, הערט זיך צו אָנגעשטרענגט. זי פֿילט אַז אויך מנחם איז וואַך. וויל עס באַהאַלטן פֿון איר.

— האָסטו געהערט? דאָס טויערל האָט אַ סקריפּע געטאָן.

— מסתמא אַליין זיך געעפֿנט פֿון ווינט.

— אָבער איך הער טריט.

— עס איז גאָרנישט... זיי קומען פון דער הויך. פון באַרג. געוויס איז מאיר דער בעל־עגלה אַרויס צום פערד.

זיי שווייגן. אסתר פילט מנחמס צוגעשפּיצטקייט. די פינצטערניש איז אָבער אַזאַ שווערע, זי שטערט ממש צו הערן, וואָס עס קומט פאָר אין דרויסן. און דאָרט קומט עפּעס פאָר... זי איז זיכער אין דעם. ווען זי האָט נישט מורא, עס זאָל ווערן פאַרדעכטיק, וואָלט זי אַרויס אַ קוק טאָן. וואָס קלינגט עס אַזוי? דוכט זיך עס איר? אָט דאָס קלינגען הערט זי לעצטנס אַזוי אָפט און איצט — ווידער. זי ווייס אָבער נישט, איז עס טאַקע דאָ נאָענט. און אפשר איז עס נאָר די שרעק אין איר? ווען די נאַכט וואָלט זיך שוין געענדיקט. ווען וועט ווערן טאָג?

און ווידער האָט אַ נאַכט אָפּגעריסן אַ שטיק פון גרויען טאָג און קלעפּיק טריב זיך אָפּגעזעצט אויף די שויבן. זיך איינגעלייגט אין דעם שמאָלן באַרג־געסל, צווישן די פאַררעגנטע ווענט.

שעהן ציִען זיך לאַנגזאַם.

אַנטקעגן, ביי שרה דער קצבטע, שלאָגט שוין דער זייגער צוויי.

אַ ווייסער, עלעקטרישער שיין טוט אַ פאַל אויפן וואַנט פון זייער שלאָפ־צימער. ציטערט אויף איין אָרט. דער געדויש הינטערן טויערל ווערט שטי־לער. מען הערט דייטלעך דאָס אָפּשטעלן פון מאָטאָר.

— מנחם, אפשר אַנטלויפסטו? דורך דער הינטער־טיר צו מאיר דעם בעל־עגלה... אַנטלויף...

— ניין, אסתרל, בין איך דען אַ פאַרברעכער?...

זיי זענען דאָ. גלאַנציקע דאַשיקעס, שטייפע מונדירן. אַ ברענענדיקער טאַשן־לעמפּל פאַר די אויגן.

— ליכט! באַפעלן זיי — מאַכן ליכטיק! עפענען! פאַרהאַלטן זיך רויִק!

איינגעוויקלט אין איר שלאָפראָק, ציטערט אסתר פאַר קעלט... זי זעט מנחמען זיך אָנטאָן. ווייס אַז זי מוז עפּעס זאָגן און געדענקט נישט וואָס. שטייט זי צעטומלט און קוקט.

דאָס פּנים פון דעם וואָס שטייט ביי דער שאַנק, זעט מען נישט. מיט שנעלע באַוועגונגען וואַרפט ער אַלץ וואָס ליגט דאָרטן. דער צווייטער שאַרט אַראָפּ דאָס בעטגעוואַנט, וויל זוכן אויפן דעק פון בעט.

אסתר שטייט ווי געפּלעפט. ערשט נישט לאַנג צוריק בעת דער לעצטער רעוויזיע נאָכן שטרייק אויפן טאַרטאַק, האָט מנחם נישט געלאָזט דער פּאָליציי, אַזוי צעוואַרפן די זאַכן. ער האָט זיך אַנטקעגן געשטעלט. מיט גוואַלד האָבן זיי אים אַוועקגעפירט. ערשט נאָך דעם, ווען אסתר איז געבליבן אַליין האָבן צוויי פּוילישע פּאָליציאַנטן אַלץ דורכגעקוקט. זיי האָבן דערקלערט אַז זיי זוכן

געזוער. און איצטער?... אויך זיי וואַרפן אויפן פּאָדלאָגע די קישנס, בגדים, ווייסע וועש מיט שקאַרפּעטן. אסתר קוקט אויף מנחמען. ער שווייגט. איר דוכט אַז ער מיידט אויס איר בליק.

— רעגט אייך נישט אויף, בירגערין, — רופט זיך אָפּ דער דריטער צווישן זיי, וואָס שטייט די גאַנצע צייט און רירט זיך נישט פון אָרט. — איר דאַרפט זיך גאָרנישט דענערווירן, אַלץ וועט זיין אין בעסטן אָרדענונג. — ער רעדט מיט איבערגעטריבענער ווייכקייט און שפּילט זיך בעת־מעשה מיטן נאַגאַן.

מיט אַ מינע פון איינעם וואָס האָט שוין אַלץ גענוג, טוט ער אַ שאַר מיטן שטיוול די זאַכן אין איין קופּע.

— פּאַשלי!... געגאַנגען!

מנחם שטעלט זיך אויף און גלייך איז ער אַרומגערינגלט. אסתר רייסט זיך דורך. מנחם! — זי איז נעבן אים.

— האַלט זיך אסתרל... זיי שטאַרק...

מנחם רוקט זיך צו צום בעטעלע, און מיט איין פינגער גלעט ער דאָס קינד איבערן שלאָפנדיקן פּנימל.

— געגאַנגען! פּאַשלי!

אַן אויגנבליק און אסתר איז אַליין געבליבן נעבן קינד. זי מאַכט אַ טראָט צום טיר און בלייבט שטיין אין מיטן שטוב. עס רוישט דער מאָטאָר. שוין, זי הערט אים פאָרן, לויפט גיך צום פענצטער. דער אויטאָ גליטשט אַוועק, שניידט דאָס געסל מיט זיין ליכט און מאַכט בולטער די פינצטערניש היב־טער זיך.

שוין לאַנג ווי אסתר שטייט אַזוי. אויף יענער זייט, טוט עס נאָך אַ שיין מיטן לעצטן בליאַסק פון נאַכט־לאַמטערן, ווי פון אַ ווייטער שרפה און צע־שווימט. עס טאָגט שוין.

זי גייט אַוועק פון פענצטער. אין שטוב איז שוין אויך ליכטיקער. ביים שיין פון טאָג זעען אויס פרעמד אַלע אירע זאַכן, וואָס ליגן אויף דער ערד. זי הייבט אויף אַ קישן, לייגט עס אויף דער ליידיקער בעט, פאַרהאַלט זיך אַ ווײַלע נעבן שלאָפנדיקן קינד און גייט אַרויס אין גאַס.

די שטאָט איז ליידיק. פול פאַרטריקנטע בלומען וואַלגערן זיך אין די רינעס. ערשט נישט לאַנג צוריק האָט געיובלט אין די גאַסן. די טאָוועטישע טאַנקן זענען אַריינגעפאָרן אין שטאָט. מיט בלומען האָט מען באַוואָרפן די זעלנער. זיי נאָכגעשריִען: „הוראַ! הוראַ!“ ווי אַן עכאָ פון דעם אַלעם, זינגט דער ראַדיאָ־הילכער אויף דעם גאַנעק פון מייטשיקס „טשײַנע“ אין ליידיקן מאַרק אַרויס:

„שעראָקאַ סטראַנאַ מאַיאַ ראַדנאַיאַ".

הויך און רחבותדיק זינגט עס, נאָר אומעטיק.

אסתר גייט גאַס־איין, גאַס־אויס און ווייס אַליין נישט וווהין. פּלוצלינג בלייבט זי שטיין נעבן טורמע. אַ קליין טירעלע טוט זיך אַ דריי, איין אויג קוקט אַרויס.

— וואָס ווילסטו? — פרעגט אַ שטים פון יענער זייט טויער. קיין מענטש זעט מען נישט, נאָר אַן אויג קוקט.

רוק זיך ווייטער, ווייטער פון דאַנען! — און דאָס טירעלע פאַרקלאַפּט זיך.

אסתר פאַרנעמט זיך צוריק אַהיים. דאָס קינד מוז שוין זיין אויף, טראַכט זי. „גיב אַכטונג. היט דאָס מיידעלע אונדזערס" — האָט מנחם געזאָגט.

זי קומט אַריין און בלייבט זיצן נעבן בעטל. בייגט זיך איבער און מיט איין פינגער, גלעט זי דעם קינדס בעקעלע.

מיט אַמאָל דערהערט זי טריט. מענער טריט פאַזע דעם פענצטער. זי צאַפּלט אויף און בלייבט באַלד זיצן אויף איר אָרט.

עס איז נישט מנחם, נישט זיין גאַנג. אין דעם אויגנבליק טוט זיך רעש אַן עפן די טיר.

— חיים?

חיים קוקט אָבער נישט אויף איר. אַראָפּגעלאָזט זיך נעבן טיש, נעמט ער זיין קאָפּ איןביידע הענט. זיין ביקס גליטשט זיך אַראָפּ פון אַקסל, טוט אַ קלאַפּ די פּאָדלאָגע און פאַרהאַלט זיך מיטן רימען אויף זיין אָרעם.

— וואָס איז חיים, וואָס איז געשען? — פרעגט אסתר אין וואַקסנדיקער שרעק.

— מנחם האָט געבעטן...

— רעד, חיים, וואָס האָט ער געבעטן, וואָס?

— גאָרנישט... ער האָט געבעטן... דיר אָפּגעבן אַ גרוס...

— האָסטו אים געזען? ווען? ווו?

חיים זיצט אַ בלייכער. ער שווייגט.

— זאָג אַ וואָרט! ווו האָסטו אים געזען, וואָס האָט ער געזאָגט?

— גאָרנישט... ער האָט גאָרנישט געזאָגט... בלויז געבעטן דיר אָפּגעבן אַ גרוס... אָט איצטער, האָב איך אים געזען... איך... איך האָב אים אָפּגעפירט אין טורמע...

חיים האָט נישט געקוקט אויף אסתרן. געבליבן זיצן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און מיטן אַרבל זיך געווישט דעם שוויס פון שטערן.

# קאַפּיטל II

שוין וואָכן ווי דער עשאַלאָן מיט די סקאָטסקע וואַגאָנעס האָט זיך לאַנגזאַם געשלעפּט און געדרייט דורך אומוועגן, פון צייט צו צייט זיך אָפּגעשטעלט אויף אומבאַקאַנטע סטאַציעלעך, אָדער גאָר אין מיטן פעלד.

די פּאַסאַזשירן איז שוין נמאס געוואָרן די חקירות און דרישות. זיי האָבן שוין רעזיגנירט פון דערטראַכטן זיך וווהין מען פירט זיי.

אינעווייניק, אין די פאַרשלאָסענע וואַגאָנעס, האָט די פינצטערניש פאַרלענגערט די נאַכט. ס׳איז דאָרט געווען שטיל. די פאַרשיקטע זענען געלעגן איינגעדעקטע. ווער עס איז נאָך געשלאָפן, אָדער גלאַט נישט געהאַט זיך וואָס צו איילן. שוין עטלעכע טעג ווי דער וועג האָט זיך געצויגן דורך פאַרשנייטע סטעפּעס. וואָס ווייטער איז געוואָרן אַלץ קעלטער.

דער אַלטער וואַסיל, דער ווייסרוס פון פינטשעטש, וואָס איז געפאָרן אין לעצטן וואַגאָן, האָט נאָך ביז נישט לאַנג געוואָלט טרעפן ווו אַהין מען פאָרט. אין יענער מלחמה איז ער אויך געווען אין טיף־ראַסיי.

— דעמאָלט — זאָגט ער — איז מען געפאָרן גלייך. הייַנט דרייט מען אַזוי דעם וועג, אַז דער טייוול אַליין וועט זיך נישט פונאַנדערקלייבן. מיר דוכט זיך גאָר, קינדערלעך, אַז מען פאָרט צוריק — רעדט ער מיושבדיק. — פאַר וואָס נישט? איר זעט דאָך ווי מען דרייט זיך... ס׳איז נישט מעגלעך? דער גלייכער שכל זאָגט אויך אַזוי. צו וואָס זאָלן זיי אונדז אַוועקפירן ערגעץ אַנדערשווו, זיי קענען אונדז דאָ נישט מאַכן קיין צרות?

ווען ער האָט אָבער צום ערשטן מאָל דערזען דעם טיפן שניי אַרום און דערפילט די קעלט אַריינקריכן אין די ביינער, האָט ער שווער אָפּגעזיפצט. וואַסיל האָט אַרויסגעצויגן פון ערגעץ זיין לאַנגן קאָזשוך, אַן איינגעגורטעטער זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין בעטשקע סאַלע און פאַמעלעך אַרויסגעקרעכצט:

— באַטשיש? מיר זענען גאַנץ ווייט פאַרפאָרן!... קאָנטיק אַז די נאַכט איז מען שנעל געפאָרן...

די נאַכט איז שוין געווען אַדורכגעגאַנגען. אויף דער אויבערשטער פּאַ־

לאַטע, נעבן דעם געלעגער פון דער פּאַני מיכאַלסקע איז געזעסן זאָשאַ. דורך דעם פאַרקראַטעטן פענצטערל, זיינען פּאַסן ווייסער טאָג געפאַלן אין וואַגאָן אַרייך. זי איז געזעסן פאַרטראַכט, איר טרויעריק, פאַרגאַפטער בליק האָט גע־קוקט ווייט ווו דער הימל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צום שניי. איר האָט קאָנטיק גאָר־נישט געשטערט, וואָס די אַלטע מיכאַלסקע איז געזעסן קעגנאיבער איר, מיט איר זונס פאָטאָגראַפיע אין האַנט און אָן איבעררייס אין איר אַריינגערעדט. זי האָט שוין אין משך פון דער רייזע דאָס פיל מאָל געהערט. די אַלטע איז אָבער נישט מיד געוואָרן צו דערציילן און איר פליסטערן האָט שטיל געציטערט אין צע־שאָקלטן וואַגאָן.

— דאָס מאָל האָט ער שוין נישט אויסגעהאַלטן. ער איז געשטאָרבן מיין מאַן. מיין טאַדעק האָט דאַן געענדיקט די פּאָוושעכנע שקאָלע. וואָלט איר הערן, פּאַננע זאָשע, ווי דער לערער טשעקייסקי האָט אים געלויבט. דער לערער האָט דאָס טאַקע זיך אויסגעסטאַרעט מען זאָל אים אַריינגעמען אין פּאַנסטוואָווקע. מיט אַ מעדאַל האָט ער געענדיקט די גימנאַזיע. ווען ער איז אַוועק אין מילי־טער, האָב איך גאָר נישט געקלערט, אַז ער וועט בלייבן אַן אָפיצער. ווער האָט דאָס געקענט וויסן, אַז אַלץ וועט זיך אַזוי שלעכט אויסלאָזן?... — האָט זי זיך שטיל צעוויינט.

דערהערט איר וויינען, האָט די פּאַננע זאָשע זיך אויפגעכאַפּט פון איר פאַרטראַכטקייט, אָן אַ וואָרט גענומען דאָס בילד פון דער אַלטערס האַנט און פאַרקוקט זיך אויפן יונגן אָפיצער וואָס איז ערנסט געשטאַנען אין שטייפן מונדיר.

די אַלטע האָט שטיל געכליפּעט. פון אונטער דער פּאַלאַטקע האָט זיך דערטראָגן אַ שווער סאָפּען פון דער גראָבער פּריזינע, וואַסיליס ווייב. זי האָט זיך געמאַטערט אין דער ענגשאַפט אַרויסצובאַקומען עפּעס פון אירע פּעק.

— וואַסיל, — האָט זי זיך צעשריִען, פונקט ער וואָלט געשטאַנען פּאַר אַ מייל פון איר. — רוק זיך אָפּ. ס'איז דאָך אוממעגלעך צו דערלאַנגען!

דער אַלטער האָט געפּרווט מאַכן אַ טראָט, אָבער אַרום אים זענען גע־לעגן מענטשן. ער האָט דערהערט אומצופרידענע אָנצוהערענישן און איז געבליבן שטיין אַן אויפגעקאָרטשעטער, מיט ציטערנדיקע פיס.

פּריזינע האָט מיט מאַטערניש אַרויסבאַקומען אַ שטיק רויע סאַלע פון בעטשקע און דערלאַנגט עס דעם אַלטן. ער האָט זיך איינגעמאָשטשעט צוריק אויף זיין אָרט און נאָך אַ ווײַלע וואַרטן אָנגעהויבן בעטן:

— זשאָנקע, גיב אַ שטיקל ברויט.

נעבן אירע שלאָפנדיקע קינדער איז געזעסן חנה די דאָרפישע. אין דער טונקל האָט די שטיק ווייסע סאַלע אַ בלענד געטאָן פאַר אירע אויגן, אַז אַן

איבלעניש האָט איר אַ שלאָג געטאָן ביים האַרצן. זי האָט זיך באַהערשט, פאַר־ביסן די ליפּן, און געבליבן זיצן מיט פאַרמאַכטע אויגן.

מיט אַ מאָל האָט מען דערהערט דאָס פייפן פון לאָקאָמאָטיוו. דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן אויפזעצן אויף די נאַרעס. די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט.

וואַסקע, וואַסילס זון, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען מיטן פּנים צוגעשמידט צו דער שפּאַרונע פון דער פאַרשלאָסענער טיר, האָט זיך צע־שריִען:

— באַטשקע, מיר זענען אין פּרעסאָווקע!

— ווו?

— סטאַנציאַ פּרעסאָווקאַ! — האָט ער פּאַמעלעך געלייענט אויף אַ שילדל, וואָס איז געהאָנגען איבער אַ קליינער געביידע אַנטקעגן.

אין וואַגאָן האָט זיך אויפגעהויבן אַ רעדעריי, אַ נאָכפרעגעניש. אין איי־לעניש האָט מען אָנגעהויבן שפּרינגען פון די געלעגערס. און איבער דעם גאַנצן טומל האָט פריזינע געדונערט מיט איר שטים:

— וואַרט וואַסיל, עס נאָך נישט, מען וועט באַלד קריגן קיפּיאַטאָק! פאַננע זאַשע, וואָס וועט די פאַננע קוקן אויף דער מיכאַלסקעס זון, זאָל די פאַננע בעסער אַראָפּקריכן און גיין מיט מיין וואַסיען זוכן קיפּיאַטאָק!

פון יענער זייט טיר האָט זיך דערהערט אַ קלימפּערן ביים שלאָס. דער זעלנער, וואָס פלעגט יעדעס מאָל אַ שווייגנדיקער עפענען די וואַגאָנען, האָט זיך באַוויזן אין דער צערוקטער טיר.

— שוין, איר קענט זיך שוין קלייבן אין וועג אַריין. — ער האָט עס אַרויס־געזיפּט צווישן די ציין און אַוועקגעלאָזט זיך צוריק, קלינגענדיק מיט די שליסלען.

— וואָס האָט ער געזאָגט?

— ער קען רעדן?

— וואָס הייסט קלייבן זיך ?

— ווו זענען מיר? נישט אין וועג?

פראַגן האָבן זיך געשאָטן פון איינעם צום צווייטן. צעטומלטע בליקן האָבן זיך באַגעגנט.

— ער מיינט פּשוט מען זאָל גיין זוכן קיפּיאַטאָק — האָט דערקלערט וואַסיל, וואָס איז געזעסן מיט דעם עסן אין האַנט און געפּאָלגט זיין ווייב. געוואַרט אויף טיי.

וואַסקע איז טאַקע באַלד אַרויסגעשפּרונגען פון וואַגאָן מיט צוויי עמערס אין די הענט. אויך זאַשע איז אַראָפּ פון דער אויבערשטער פּאַלאַטע און אַוועק־

געלאָפֿן נאָך אים. די ווייבער האָבן אָנגעהויבן זוכן די גלעזער, די טעפּעלעך.

— קינדער, מאַכט אייך גרייט, — האָט חנה געוועקט. — איר וועט נאָך דעם נישט האָבן קיין טיי.

בלויז אסתּר איז געבליבן ליגן אָן איבערגעבויגענע איבערן קינד. זי האָט געוואָלט מיט זיך פֿאַרשטעלן, נישט צולאָזן צום קליינעם נפֿשל דעם טומל.

— שרייט נישט אַזוי, זאָל עס נאָך אַ ביסעלע שלאָפֿן. — האָט זי זיך געבעטן ביי די שכנים, נעבן זיך.

עס האָט נישט געדויערט קיין מינוט ווי וואַסקע מיט דער פֿאַננע זאָשע זענען צוריק אַרויפֿגעקומען מיט די ליידיקע עמערס. זיי האָבן אָנגעוויזן, אַז ווייט ביים אָנהייב פֿון עשאַלאָן טומלט זיך. אַלע זעלנער זענען אין דרויסן דער נאַטשאַלניק שטייט און באַפֿעלט עפּעס. פֿאַזע דעם צוג זעט מען פֿיל גרוזאָוויקעס.

אומגעריכט געטראָפֿן פֿון אַזאַ בשורה, האָבן אַלע זיך אַ שטופּ געטאָן צו דער טיר. אַ געשריי האָט זיך געטראָגן פֿון איין וואַגאָן צום צווייטן. מען איז געלאָפֿן אַריין און אַרויס, געשטופּט זיך איבער די טרעפּלעך אַליין נישט וויסנדיק נאָך וואָס.

דער נאַטשאַלניק איז צוגעקומען אַלץ נענטער, ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי יעדער אָפֿענער טיר און עפּעס אַריינגעשריען. זיין קול, אָן ווערטער, האָט זיך דערקייקלט ביזן סוף פֿון עשאַלאָן. נישט מעגלעך געווען צו הערן וואָס ער זאָגט.

די פֿאַרשיקטע האָבן זיך איבערגעשריען, איבערגעגעבן פֿון איין וואַגאָן צום צווייטן:

— מיר זענען אויף סיביר!

— מיר בלייבן דאָ!

עס זענען כּסדר צוגעקומען לאַסט־אויטאָס. שאָפֿערן אָנגעטאָן אין פּופּיי־קעס מיט האַרטע ווילאָקעס אויף די פֿיס, האָבן שווייגנדיקע נייגעריק געדרייט זיך צווישן צעטומלטן עולם.

די אַלטע פֿאַני מיכאַלסקע האָט באַהאַלטן איר זונס פֿאָטאָגראַפֿיע. זי האָט אָפּגעצויגן איר צעקנייטשט קלייד, אָנגעטאָן איר פּרילינג־הוט מיטן ברייטן ראַנד, גענומען אין האַנט דאָס קליין וואַליזקעלע און פּאַמעלעך אַוועק צום אָנהייב פֿון עשאַלאָן. ווען זי איז געקומען אַהין, איז שוין דאָס פּאַקן געגאַנגען אין גאַנצן ברען.

— שאַנאָוונע פּאַנסטוואָ, איך בעט אייך זייער איבער, וווהין פֿאָרט איר?

— ווער ווייס?

זי איז לאַנגזאַם געגאַנגען פון איין גרוזאָוויק צום צווייטן. פון אומעטום האָט מען איר געענטפערט דאָס זעלבע.

— אויב איר ווייסט נישט, איז וואָס איילט איר אַזוי?... האָט זי געפרעגט מיט חידוש און געלאָזט זיך גיין צוריק.

— פאַניע מעצענאַשיע, אַנטשולדיקט פאַנאָטשקו! וווהין פאָרט איר? — האָט פריזינע געשריִען פון איר וואַגאָן צום אַלטן אַדוואָקאַט.

ער האָט שוין אַרויפגעלייגט זיין גאַנץ געפעק, שוין איינגעזעצט זיין טאָכ־טער מיט די צוויי אייניקלעך און פאַרנומען זיך אַריינצוקריכן אין אויטאָ.

— איך ווייס נישט געערטע פאַני! — האָט ער אין איילעניש צוריק־געשריִען.

— וואָס האָט דער פאַן מורא אויסצוזאָגן?

דער אַלטער האָט אין פאַרלעגנהייט זיך אָנגעבויגן צום שאָפער, איבער־געפרעגט דעם נאָמען פון דאָרף.

— איך פאָר קיין מאַלאָטאָוועקע!... ווייס שוין די פאַני?...

זי האָט געקוועטשט מיט די אַקסלען. — קיין מאָל נישט געהערט!...

קינדער זענען צעשראָקענע געשטאַנען אין די וואַגאָן־טירן און געוויינט, גערופן צו די עלטערע, וואָס זענען געגאַנגען זיך דערוויסן וואָס צו טאָן.

די פאַני סטעפקע האָט געזען, אַז מענטשן זענען שוין אַוועקגעפאָרן, האָט זי אָפּגעשטימט נישט קוקן אויף גאָר נישט און די ערשטע זאַך אַרויסוואַרפן איר באַגאַזש. זי האָט שוין טאַקע אַרויסגעשלעפּט איר גאַנצן געפּעק. דער מאַטראַץ וואָס זי האָט געפירט פאַר איר אַלטער מאַמען, האָט זיך איינגעשפּאַרט, פאַרטשעפּעט אין טיר און נישט געוואָלט אַרויסגיין. זי האָט אים געשטופּט מיט כוח, געשריִען „פשיאַ קרעוו" ביז ער איז אַרויסגעפאַלן און איבערגעלאָזט אַ שטיק אָפּגעריסענע לייוונט אויפן שרויף פון טיר. די שמאַטע האָט אַ פלאַטער געטאָן אין דער לופט און געבליבן הענגען ווי אַן אַראָפּגעלאָזטע פאָן.

אויף אַ טרעפּל איז געשטאַנען די שיינע האַלינע. זי האָט זיך נישט גע־רירט פון אָרט. אין איר האָט געקאָכט, געברויזט. פון אירע אויגן האָט גע־שפריצט מיט כעס. אויף אַלץ און אַלעמען.

איבער דעם גאַנצן טומל האָט זיך געטראָגן דעם נאַטשאַלניקס געשריי. ער איז צוגעקומען נאָענט.

— פּאַקט זיך אַרויס!... איר זענט אויף סיביר... ווייטער מיט דער באַן פאָרט איר נישט! פון דאַנען פאָרט איר אין די דערפער!

— אין וועלכע דערפער?

— ווו זענען די דערפער?

— וואָס וועט מען טאָן אין די דערפער?

פראַגן זענען געפאַלן פון אַלע זייטן.

דער נאַטשאַלניק האָט צעפּירט מיט די הענט. איינער האָט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, וואָס מען האָט איבערגעגעבן פון מויל צו מויל.

— ער זאָגט, ער ווייס גאָר נישט... ער האָט זיינס אָפּגעטאָן...

— היי, פּאַניע נאַטשעלניקו, גאָספּאָדין! — האָט געשריִען האַלינאַ האַלב רוסיש און האַלב פּויליש. — ספּאָוראָטעם צו דער אויטשיזנע, וועסטו אונדז אויך פירן?

דער נאַטשאַלניק האָט איר אָנגעקוקט, פאַררויטלט זיך און געוויזן מיט אַ באַוועגונג, אַז ער פאַרשטייט נישט וואָס זי רעדט.

— אויף דער אויטשיזנע, נאַ ראָדינו... קיין פּוילן?...

— וואָס?

האַלינע האָט זיך געפילט מאַכטלאָז. עס האָבן איר פּשוט געפעלט ווער־טער. אין איר האָט אָבער געברויזט דער כעס צום סאָוועטישן נאַטשאַלניק, וואָס האָט איר אַהער געבראַכט. זי האָט זיך הילכיק צעלאַכט און חוצפּהדיק געקוקט אויף אים פון אויבן אַראָפּ.

— קוק אויף דיינע שטיוול! — האָט זי אָנגעוויזן מיטן פינגער.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן צו זיינע שטיוול, איבערגעפירט זיין פאַר־וווּנדערטן בליק אויף איר און געקוקט איר אין ליכטיקן פּנים אַריין מיט הנאה. זי האָט געזען, אַז ער ווייס נישט וואָס זי וויל פון אים.

— קוק איצט אויף מיינע! — האָט זי באַפוילן און אויסגעגלייכט זיך, אָנ־ווייזנדיק אירע אָפּיצערסקע, גלאַנציקע שטיוועלעך.

ער האָט זיך דערטראַכט וואָס זי מיינט. ער איז אַוועק ווייטער און שמייכ־לענדיק פאַר זיך צוריקגעשריִען:

— דערפאַר אָבער זענען מיינע שטאַרק!

— די טורמע איז אויך שטאַרק, אָבער קיינער וויל אין איר נישט זיצן! — האָט אים האַלינע נאָכגעשריִען. דאָס האָט שוין דער נאַטשאַלניק נישט געהערט...

אַ ביסל באַרויִקט פון דעם, וואָס זי האָט גערעדט אַזוי צום נאַטשאַלניק, איז די פּאַני האַלינאַ אַרויסגעשפּרונגען פון וואַגאָן. זי איז צוגעגאַנגען צו אַ שאָפער. ער איז געשטאַנען אָן אַ זייט, געוואַרעמט ביים מויל זיינע פאַרפרוי־רענע הענט, געקוקט אויפן עולם און גוטמוטיק געשמייכלט.

— פון וואָסער דאָרף ביסטו? — האָט זי געפרעגט.

— פון אַ גוטן דאָרף — האָט ער אַ וווּנק געטאָן — פאַראַן דאָרט ברויט!

— נאָר ברויט?... — האָט זיך האַלינאַ פאַרקרימט.

— עס רעדט זיך אַזוי. ביי אונדז איז אַלץ דאָ. עס איז דאָ שוועבעלעך, זאַלץ. נישט ווייט... אפשר אַ ניינציק קילאָמעטער פון אונדזער דאָרף, נישט

מער, איז דאָ אַ געזאַלצענע אַזיערע. זומער אין די גרויסע היצן, כאַפּן זיך אָפּ די באָבעס פון דער אַרבעט, שפּאַנען איין די קי און לאָזן זיך אַוועק צו דער אָזיערע, ברענגען קריגן וואַסער און זאַלץ אויף אַ גאַנצן ווינטער און נאָך מער...

די שכנים פון וואַגאָן האָבן דערזען, אַז פּאַני האַלינאַ רעדט אַזוי פאַר־טיפט מיט אַ שאָפער, האָבן זיי זיך גענומען קלייבן אַרום. עס איז געוואָרן אַ רעדל. דער שאָפער איז אַנטשוויגן געוואָרן. זיך אַרומגעקוקט און אַוועקגע־דרייט זיך פון עולם. די מענטשן האָבן אים אָבער נאָכגעקוקט, געפונען און געפאָרן מיט אים אין גוטן דאָרף.

איינגעקאָרטשעטע, דערפרוירענע, אויסגעמישט מיט די פּעק, האָבן זיך די פּאַסאַזשירן צוזאַמענגעדריקט. דער אויטאָ האָט געשניטן דורכן ווייסן סטעפּ.

— אין דער היים איז שוין פרילינג. — האָט עמעץ אַרויסגעזיפצט.

— דאָרט גרינען שוין די ביימער... קיין סימן פון שניי...

— אַ וואָלף!... אַ וואָלף איז דורכגעלאָפן דעם וועג! — האָט זיך דערהערט אַ קול. בייגעריקע האָבן זיך אונטערגעהויבן. אַ וואָלף איז אַן איבערגעשראָקע־נער, געלאָפן איבערן סטעפּ.

— וווהין לויפט ער? — האָט עמעץ טרויעריק געפרעגט.

— ווו וועט ער זיך באַהאַלטן, אַז אַלץ אַרום איז אַזוי גלייך און ווייס?

— עס איז אַ גוטער סימן! — האָט די פּאַני האַלינאַ געוואָלט מאַכן אַ ביסל לייכטער די שטימונג.

— געוויס — האָט מען עס אונטערגעכאַפּט — אַ וואָלף לויפט איבער דעם וועג איז עס אַ גוטער סימן!

עס איז אָבער ווידער שטיל געוואָרן. דער עולם איז געווען פויל צו רעדן.

חנה די דאָרפישע איז די גאַנצע צייט געזעסן אַן איינגעוויקלטע אין דער גרויסער פּאַטשיילע, זי האָט זיך נישט גערירט פון אָרט אַפילו ווען דער וואָלף איז דורכגעלאָפן.

— מאַמע, עס איז אַ גוטער סימן? — האָבן איר געפרעגט די קינדער, וואָס זענען געזעסן צוגעטוליעט צו איר.

— איך דאַרף קיין סימן נישט קינדערלעך, איך זע שוין...

ווען מען האָט זיך אָבער גענומען דערנענטערן צום דאָרף, האָט עס חנהן געהויבן פון אָרט. זי האָט נישט געקענט איינזיצן.

אַ מאָדנער דאָרף — האָט זי געטראַכט — נישטאָ קיין געציינדלטע פּלויטן אַרום גערטנדלעך. דורך די פענצטערלעך זעט מען נישט קיין וואַזאָנעס מיט בלומען.

טונקעלע, געפלאָכטענע פּלויטן שטייען אַרום גרויסע, פּאַרשנייטע גערט־נער. מען זעט נישט קיין לאַדושקעס זיך טריקענען, קיין וועש.

חנהן איז אויפגעקומען איר דאָרף, בעת מען האָט זיי אַרויסגעפירט פון דער היים. זי זעט אַלץ פאַרנעפּלט, צוזאַמענגעמישט. בלויז ביים סאַמע עק, שטייט טעקלע מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל און צעהענגט וועש. דער ווינט וויגט הין און צוריק די גראָבע, לייוונטענע העמדער.

ווען טעקלע האָט זיי דערזען אַרויספאָרן, האָט איר דאָס נאַסע העמד אַ פאַל געטאָן אויף דער ערד. זי האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און אויסגעשריִען:

— אַננאַ סערצע, האָספּאָדי מאַי, מען פירט דיך אַוועק? וואָס אַזעלכעס האָסטו געטאָן?

חנה האָט איר געוואָלט עפּעס ענטפערן, נאָר עס האָט איר פאַרקלעמט דאָס האַרץ. האָט זי אויך צענומען די הענט און געבליבן שטיין אַ שווייגנדיקע. געקוקט אויף איר פון לויפנדיקן גרוזאָוויק ביז זי איז איר פאַרשוווּנדן פון די אויגן.

איצט האָט אַ בענקשאַפט איר געצויגן. איר האָט זיך געדוכט, אַז אַמשטאַרקסטן טוט וויי דאָס, וואָס זי וועט שוין קיין מאָל נישט זען טעקלען. אויף כוח האָט זי געוואָלט טראַכטן פון עפּעס אַנדערש און נישט געקענט.

— ביי אונדז אין סייוויטש פירן שוין די פויערים דאָס מיסט אין פעלד אַרויס, אַ זיסלעך, פאַרנעער ריח טראָגט זיך איבערן גאַנצן דאָרף, דעם אָטעם נישט אָפּצוכאַפּן. ווער וועט היי־יאָר אַרויספירן דאָס מיסט ביי מיר פון שטאַל? ווער אַ שטייגער מעלקט היינט מיין בהמה? — האָט זי זיך געוואָלט דערטראַכטן.

זי האָט זיך אַ הייב געטאָן און אַזוי, אַ שטייענדיקע געפאָרן און געקוקט אין אַלע זייטן. דער גרוזאָוויק האָט ווי אַ ווינט געשניטן דורכן דאָרף.

עס איז שוין צוגעפאַלן דער אָוונט. געוואָרן טונקל. קינדער זענען באַרוועסע אַרויסגעלאָפן פאַר די כאַטקעס, געקוקט אויף די פריש־געקומענע. זיי האָבן זיך געשטויסן מיט די עלנבויגנס און שטילערהייט דערקלערט איינער דעם אַנדערן:

— דאָס זענען פּאָליאַקן!

— פּריצים.

— שונאים פון פאָלק!

עלטערע לייט האָבן שווייגנדיקע געשאָקלט מיט די קעפּ.

פאַרפאָרן צו אַ באַזע, האָבן די פּאַסאַזשירן זיך געלאָזט שפּרינגען פון גרוזאָוויק. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן וואַליזקעס, קעסטלעך, פּעק מיט בעטגעוואַנט און זעק מיט ברויט.

מיט אַ טומל, האָט זיך אַלץ געשטופּט אויף דער באַזע אין שטוב אַריין.

וואָכן האָט מען זיך געטרייסלט אין די וואַגאָנען און נישט געקענט דער־וויסן זיך וווהין מען פאָרט. ענדלעך איז מען שוין געקומען אויף אָן אָרט...

אַריינגעשלעפּט זיך אין שטוב, האָט יעדער מיט זיין משפחה, גערוקט זיך צום וואַנט. געוואָלט פאַרכאַפּן אַ ווינקל. מען האָט צעבונדן דאָס בעטגעוואַנט און געגאַרט האָבן אַלע דאָס זעלבע. — שלאָפן. שלאָפן און נישט טרייסלען זיך.

יונגע, בייגעריקע פּנימער האָבן אַריינגעקוקט דורך די פענצטער. געהויבן זיך איינער איבערן צווייטן און איבערגעגעבן צו די וואָס זיינען געשטאַנען פון הינטן און נישט געקענט זען:

— זיי זיצן!

— זיי זיצן אויף קישנס!

— זיי מוזן אַזוי. פּריצים זיצן שטענדיק אויף קישנס.

— דער פּרעדסידאַטעל גייט! — האָט עמעץ אויסגעשריִען.

אין דער טיר האָבן זיך באַוויזן עטלעכע מענער. איינער האָט זיך אַריינגע־שטעלט אינמיטן און שטרענג געפרעגט:

— האָבן אַלע פלעצער? זענט איר אַלע איינגעאָרדנט?

— אַוודאי אַזוי... אונדז איז גוט... וואָס פעלט אונדז דען? — געזאָגט האָט עס וואַסיל אַזוי איבערגעטריבן ערנסט, אַז אַלע האָבן זיך צעשמייכלט.

— איר זענט דער פּרעדסידאַטעל? — האָבן קולות געפרעגט פון די ווינקלען.

— וווּ זענען אונדזערע מענער?

— אונדזערע אַרעסטירטע וווּ זענען?

— ווער? — האָט דער פּרעדסידאַטעל געפרעגט, שטוינענדיק פון דער קלאָץ־קשיא — זיי וועט איר שוין מער נישט זען!

— מען האָט דאָך מיר געזאָגט, אַז מען פירט מיך צום מאַן! — האָט אויסגעשריִען אסתר, וואָס איז געזעסן מיט איר קינד אויף די הענט. — האָט מען מיך אָפּגענאַרט? זיי האָבן געזאָגט ליגן?..

— אַזאַ יונגע ווי דו? שעמסט זיך גאָרנישט?... עס פעלן מענער ביי אונדז אין קאָלכאָז?

זיי האָבן זיך איבערגעקוקט און אַרויסגעגאַנגען. פון יענער זייט טיר האָט זיך דערהערט אַ לאַכן.

עס איז געוואָרן שטיל. ערשט האָט חנה באַמערקט, אַז זי איז געבליבן מיט איר געפּעק און מיט די קינדער אין מיטן שטוב. עס האָט זיך איר געדוכט, אַז זי האָט געהאַט פאַרנומען אַ ווינקל. זי האָט דאָך שוין געוואָלט אַוועקלייגן די קינדער שלאָפן. איר שכן האָט זיך אָבער אַזוי צעלייגט, אַז זי איז געבליבן שטיין נישט אַהין און נישט אַהער.

זיי, די אַלע מיטפּאַרער, קוקן אויף איר מיט ביטול. מסתמא ווייל זי איז אַ דאָרפישע — טראַכט חנה.

זי איז געשטאַנען. די גראָבע פּאַטשיילע האָט געהאַנגען אויף אירע פּליי־צעס, איבער אירע צעשפּרייטע הענט. ווי אַ הון האָט זי פאַרשטעלט אירע קינ־דערלעך, וואָס האָבן געקלעפּט צו איר. חנה האָט אַפילו געוואָלט זאָגן דעם שכן, ער זאָל זיך אָפּרוקן אַ ביסל. זי קען זיך דאָך נישט לייגן מיט אירע קינ־דערלעך, זאָלן געזונט זיין, אין מיטן שטוב. עטלעכע מאָל שוין געעפנט דאָס מויל און אָן אַ וואָרט צוריק פאַרמאַכט. עס האָבן איר ממש געשטאָכן די בליקן פון די פּוילישע פּריצטעס. זי האָט זיי געזען פאַר זיך, געפילט זיי אויפן פּליי־צע, אויף אירע קינדער. האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן אָרט ווו זי איז גע־שטאַנען, צעבונדן דאָס פּעקל בעטגעוואַנט און אַוועקגעלייגט די קינדער, איינ־געדעקט זיי.

ווען אַלע זענען שוין געשלאָפן, איז נאָך חנה אַלץ געזעסן. זי האָט געוואַרט אויף טאָג.

פאַר אירע אויגן האָבן זיך איצט אַדורכגעטראָגן אַלע צוואַנציק יאָר, וואָס זי האָט געלעבט אין דאָרף. עס האָט זיך איר געדוכט, אַז דאָס איז זי איצט פון איר היים, געקומען אין דאָרף. דאָרטן איבערגעלאָזט איר טאַטן, איר מאַמען, די גאַנצע משפחה...

עס האָט אָנגעהויבן שאַרפן. חנה איז געזעסן מיט שטייף־פאַרמאַכטע ליפּן און געשאָקלט זיך צווישן שלאָפנדיקן עולם. צוזאַמען מיט אַ כראָפּען, מיט אומ־רויִקע זיפצן, האָט זי געהערט אסתרן שלוכצן. ווי נאָר עס איז געוואָרן טאָג, האָט זי אויפגעוועקט איר עולמל, אָנגעטאָן זיי, אויפגעלייגט אירע פּעק און אַרויס אין גאַס. צוריק איז זי געקומען שפּעט. עס איז שוין געווען טונקל. ביים פענצטער איז געזעסן אסתר מיט איר קינד אויף די הענט. חנה האָט זיך אַוועק־געזעצט נעבן איר. זי האָט זיך צערעדט שטיל, געסודעט זיך.

— אסתר, הערט וואָס איך זאָג אייך, איר דאַרפט נישט וויינען... איר זענט נישט די איינציקע... אַלעמען האָבן זיי געזאָגט, אַז זיי פירן צו די אַרעסטירטע. וואָס איר האָט זיי דען געגלויבט?... עשיו איז שטענדיק עשיו. איר זענט נאָך נעבעך גאָר יונג און מיט אַ קינד. מ׳דאַרף זיך קענען האַלטן... מען מוז... גע־דענקט, אסתר, מ׳טאָר נישט וויינען. איך בין היינט אַ גאַנצן טאָג אַרומגעקראָכן איבערן דאָרף. געוואָלט זען ווי דאָ איז... איך ווייס? מען לעבט... אומעטום לעבט מען... דער עיקר דאַרף מען זען האָבן ברויט. זיי, דאָ, אונדזערע פּוילישע, ריידן נאָר וועגן יחוס. קאַפּיטאַנאָוועס... דאָקטעראָוועס... קופּצאָוועס... וואָס זענען דאָ וויכטיק די אָבות, איך בעט אייך? גלייבט מיר, ווען מען זאָל קענען לעבן מיט יחוס, בין איך שוין באַזאָרגט ביזן טויט... דער זכות פון מיינע זיידעס די

רבנים, זאָל מיר נאָר ביישטיין. מיין טאַטע זאָל געזונט זיין, איז אויך געווען אַ רב. ער האָט אָבער געוואָרפן די רבנות. טאָג און נאַכט איז ער געזעסן איבער גראָבע, דייטשישע ביכער. ער האָט געלייענט, צי געלערנט?... דער גוטער יאָר ווייס וואָס... איך ווייס נאָר, אַז די מאַמע איז פאַרשוואַרצט געוואָרן, געגעבן די חיונה און מיר, קינדער, איינס קלענער פון צווייטן, זענען אַרומגעגאַנגען באָרוועסע און הונגעריקע ביז מיר זענען אויסגעוואַקסן... דער טאַטע, נעבעך, פלעגט קוקן אויף אונדז, זיפצן און זאָגן:

— געדענקט, קינדער, דער עיקר אין לעבן איז קענען פאַרדינען ברויט. קענען אַרבעטן. אַך, קינדערלעך, ווען איך וואָלט געקענט פאַרדינען אויף ברויט...

— ער איז געווען שטענדיק טרויעריק, אונדזער טאַטע. ווי אַ געפּענטעטן, האָבן אים די גראָבע ביכער צוגעשמידט צו זיך... אונדז די קינדער, האָט ער נישט געוואָלט לערנען.

— מען דאַרף נישט — האָט ער געזאָגט.

זי האָט זיך אָנגעבויגן צו אסתרן און נאָך שטילער געזאָגט:

— מיין עלטסטער ברודער איז צו זעכצן יאָר אַנטלאָפן אַהער. מיר האָבן געווווינט ביי דער גרענעץ. איז ער אין איינער אַ נאַכט איר איבערגעגאַנגען. ער איז געוואָרן אַ גרויסער דאָקטער, האָט מען געזאָגט. שפּעטער איז ער פאַר־פאַלן געוואָרן... ווער ווייס צי ער לעבט?...

חנה האָט זיך געווישט די אויגן. זי האָט אָפּגעהאַקט און מער נישט גע־רעדט. אַ גאַנצן אָוונט איז זי שוין אָפּגעזעסן אַ שווייגנדיקע. די קינדערלעך האָבן זיך צעזעצט נעבן איר אויף דער ערד. אָן אַ וואָרט האָבן אַלע געקוקט דורכן פענצטערל צום גרויסן, פאַרשנייטן גאָרטן.

# קאַפּיטל III

מאַשקע, די סטאַרוזשיכע פון דער באַזע, האָט זיך דערפילט מחויב לגבי די ניי־פּאַרשיקטע. פאַרוואונדערט האָט זי געקוקט אויף די אַלטע לייט, פרויען און קינדער און זייער געוואָלט זיי מיט עפּעס העלפן. אַ ביסל האָט זי זיך פּאַר זיי געשעמט מיט איר דלות. מילא, די אייגענע, די קאָלכאָזניקעס איז עפּעס אַנדערש. מען קען זיי דאָך נישט גלייכן צו די „פּריצטעס" וואָס טראָגן כמעט אַלע „זיידענע" קליידלעך און האָבן אַזוי פיל קישנס און קאָלדרעס.

— אָרעמינקע — האָט זי שטיל געשעפּטשעט און געזשאַלעוועט זיי פון גאַנצן האַרצן.

מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, נישט קוקנדיק אויף קיינעם, האָט זי אָפּגערוקט איר בידנעם סונדוקל אָן אַ זייט. זאָל ער נישט שטערן, ער איז אַלץ איינס אַ פּוסטער. באַלד האָט זי אים אויך דאָ געפונען פּאַר איבעריק און אַ שטופּ געטאָן אים צום טיר. איז ער געבליבן שטיין ווי אַ פרעמדער אָרעמאַן, ביים סאַמע אַריינגאַנג.

וואָסיל מיט זיין פריזיגען זענען געווען שטאַרק צופרידן, וואָס דער סונדוק האָט זיי אָפּגעצאַמט פון טיר, ער האָט פאַרהאַלטן דעם ווינט ביי יעדן מאָל, ווען עמעץ איז אַריינגעקומען.

פאַרטאָג איז מאַשקע אַראָפּ פון אויוון. געבראַכט אַ זאַק קיזיאַקעס, גענומען איינהייצן.

— ווער האָט דאָס אַזוי געהוסט ביי נאַכט? — האָט געפרעגט חנה, זי האָט שוין געהאַלטן אין אויפלייגן איר געפּעק.

— עס איז גאָרנישט, מיין „מאַלטשיק".

דער עולם האָט צום ערשטן מאָל דערזען די קיזיאַקעס, וואָס מאַשקע האָט אַריינגעבראַכט.

— מיט דעם הייצסטו? און קאָכן? אויך אויף דעם?

— ווערט מען נישט פילן דעם ריח פון מיסט אין געקעכץ?

— און קיין האָלץ האָסטו נישט?

— האַלץ? — האָט מאַשקע שטיל איבערגעחזרט — וואָלט נאָר געווען צו גענוג קיזיאַקעס. ערגער איז דאָס, וואָס עס ענדיקט זיך שוין. איך האָב געמאַכט אַ סך. וואָלט געסטייעט ביז נייע. מען האָט צעשלעפּט, צעגנבעט. איך האָב זיי נישט געהאַט ווו צו באַהאַלטן.

אַלע האָבן געקוקט מיט גרויס מיטלייד אויף מאַשקען, וואָס מען האָט איר צעשלעפּט די קיזיאַקעס. פריזינע האָט פאַרהויבן די ספּודניצע און זיך געווישט די אויגן.

— וואָס ווינסטו ווייב? — האָט איר געפרעגט וואַסיל.

— איך וויין אויף אונדזער ביטערער דאָליע, ווין איך — האָט זי געכליפּעט — שטעל זיך פאָר וואָהין זיי האָבן אונדז פאַרשלעפּט, אַז האָוניאַקעס גנבעט מען דאָ.

פון אויוון האָט זיך ווידער דערטראָגן אַ הוסטן.

— ווער הוסט עס דאָרט, מאַשקע?

— מיין יינגל.

— וואָס איז אים, ער איז קראַנק?

— עס איז גאָרנישט, ליכאָראַדקע. ווען איך בין געקומען אַהער האָט מיר אויך אַ לאַנגע צייט געוואָרפן אין ליכאָראַדקע. שפּעטער פלעגט זיך עס כסדר איבערחזרן. עס געשעט אויך, אַז מען הוסט פון דעם.

— פאַר וואָס האָט מען דיר פאַרשיקט אַהער?

— מען האָט מיר נישט פאַרשיקט, איך בין אַליין געקומען.

— אַליין? ווו האָסטו פריִער געוווינט?

— אין אַלמאַ אַטאַ.

— דאָרט איז דאָך וואַרעם, נאָך וואָס ביסטו געקומען אַהער?

— נישט געווען דאָרט קיין ברויט.

— און דאָ?

— ווען איך בין געקומען אַהער איז דאָ געווען אַ סך ברויט. איך אַליין האָב אַ מאָל געקויפט אַ ספּודניצע פאַר דרייסיק פוד ווייץ...

עס איז געוואָרן ליכטיקער. דער דינער שיכט אייז אויף די שויבן, האָט אָנגעהויבן צעגיין. דאָס וואַסער האָט דורך די קרייקעס געגרונעץ אין די אָב־געהאנגענע פלעשער. די ווייבער האָבן זיך צונויפגעשטופּט ביים אויוון, יעדע האָט געוואָלט אָפּקאָכן עפּעס וואַרעמס פאַר זיין געזינדל.

שכנים פון אַרום באַזע האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען. ווער פון נייגעריקייט און ווער עס האָט עפּעס מיטגעבראַכט פאַר די פאַרטריבענע פון זייערע היימען.

אַ קליין מיידעלע האָט זיך אַריינגעשטעלט מיט אַ קריגל אין האַנט. זי האָט זיך געשעמט און כסדר פאַרשטעלט הינטער עמעצנס פלייצע.

— וואָס ווילסטו, קליינע? — האָט איר געפרעגט די קאַפּיטאַנאָווע.
— די באַבושקע האָט געשיקט דאָס ביסל מילך און מיר אָנגעזאָגט איך זאָל נישט קומען אָן קריגל.
— פאַר מיר, די מילך?
— יאָ... — האָט דאָס קינד נישט זיכער געענטפערט.
די קאַפּיטאַנאָווע האָט עס שנעל גענומען. — באַכן קריגעלע וועסטו קומען שפּעטער — האָט זי אַ זאָג געטאָן נישט לייגנדיק מער קיין אַכט אויפן קינד. האָט זיך דאָס מיידעלע אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל און געוואַרט. קיינער האָט זיך אויף איר נישט אומגעקוקט.
— מאַשקע! — האָט די קאַפּיטאַנאָווע אַ רוף געטאָן — באָרג מיר אַ גלאָז!
— נעם אַ פּילושקע. זי שטייט אויפן נעבן יינגל.
— איך וויל נישט קיין פּילושקע, איך וויל אַ גלאָז. אַ גלאָז איז פיל ריי־נער. — האָט זי גערעדט מיט פאַרצויגענע ליפּעלעך.
מאַשקע האָט געשוויגן. זי האָט זיך געפילט אין אַ פאַרלעגנהייט.
— נו, און אַז איך דאַרף אַ גלאָז, זאָל איך פאָרן קיין מאָסקווע?
מאַשקע האָט זיך אַ קראַץ געטאָן דעם קאָפּ, אַ קוועטש געטאָן די אַקסלען, מיט אַ מינע וואָס וויל זאָגן, אַז אויב זי וויל, די קאַפּיטאַנאָווע, קען זי פון אירטוועגן פאָרן. נאָך אַ קורצן טראַכטן האָט זי זיך אָפּגערופן:
— איך האָב אַ גוט פלעשל, מען קען פון דעם מאַכן אַ גלאָז, מען דאַרף נאָר האָבן אַ דין שטריקל. אפשר האָסטו ערגעץ אַ דין שטריקל?
דאָס האָט שוין דער קאַפּיטאַנאָווע אין גאַנצן אַרויסגעבראַכט פון געדולד.
— מאַשקע, ווי איך האָב ליב גאָט, מען קען זיך דאָך מיט דיר אין גאַנצן נישט דעררעדן. פאַרשטייסטו טאַקע נישט וואָס איך פרעג ביי דיר? נו, זאָג, איך בעט דיך, ווו האָסטו געקויפט דיין פּילושקע?
— אין „סיעל־פּאָ" — האָט זי געענטפערט און אַ בלאָז געטאָן אין פייער, וואָס האָט זיך גאָרנישט געוואָלט צעברענען.
— אַזוי רעד. עס איז ווייט פון דאַנען?
— ניין, נישט ווייט. איבערן „פּלאַשטשאַד", נעבן סיעל־סאָוויעט. — האָט זי גערעדט מיט אַ פאַרשטיקט קול און ווידער אַריינגערוקט דעם קאָפּ אין אויוון. זי האָט זיך געמוטשעט אַ גאַנצן פרימאָרגן. די קיזיאַקעס זענען געווען שטאַרק פאַרנעצט און נישט געוואָלט ברענען. האָט זי אַ בלאָז געטאָן אויף זיי, האָט זיך געוויזן אַ פלאַם און ווידער האָבן זיי זיך פאַרוויקלט אין רויך. עס האָט איר געשטיקט אין האַלדז, געגאָסן פון די אויגן און זי האָט עקשנותדיק געבלאָזן אין אויוון אַריין.
— רישיו! שטיי־אויף, רישיו — האָט די קאַפּיטאַנאָווע געוועקט איר גרע־

סערע טאָכטער. אויף כוח האָט זי איר אַראָפּגעשלעפּט פון געלעגער, געגעבן געלט און אַרויסגעפּראַוועט צום „סיעל־פּאָ" קויפן עטלעכע גלעזער.

— וואַלקע! — האָט זיך דערהערט אַ קול הינטערן טיר און באַלד האָט זי זיך רעש געעפנט — קום אַהיים וואַלקע! וו האָסטו דאָס קריגל?

— אָ, דאָס האָסטו, באַבושקע, מיר געשיקט דאָס מילך? אַ דאַנק דיר, טייערינקע, איך וועל דיר באַלד אַוועקגעבן דאָס קריגל. מיין טאָכטער ברענגט נאָר די גלעזער פון סיעל־פּאָ.

— מען גיט גלעזער? — האָט די אַלטיטשקע איבערגעפּרעגט און שוין געוועזן צוריק אויף יענער זייט טיר. — גיי, טאָכטער, פּאַרנעם אַן אָטשערעד! מען גיט גלעזער אין סיעל־פּאָ — האָט זי געוופן צו איר טאָכטער, וואָס האָט געוויינט אַנטקעגן איבער דער באַזע.

שכנים האָבן עס געהערט. עס איז געוואָרן אַ לויפעריי איבערן וועג, צום דאָרפישן געוועלב.

אויף דער באַזע האָט זיך נאָך אַלץ געצויגן דער פרימאָרגן. קוים מיט צרות האָט מאַשקע פונאַנדערגעבלאָזן דעם פייער אין אויוון. זי האָט דערזען די עמערס שוין ווידער פוסטע. אויסגענוצט דאָס וואַסער. האָט זי גענומען דעם קאָראָמיסל און אַוועק צום ברונעם. דערזען אַזאַ געלויף צום סיעל־פּאָ האָט דאָס איר שטאַרק פּאַראינטערעסירט.

— אַניוטאַ! וואָס גיט מען ?

— גלעזער! — האָט יענע צוריקגעשריען נישט פאַרהאַלטנדיק זיך קיין רגע.

מאַשקע האָט געלאָזט שטיין די ליידיקע עמערס אין פאָרהויז און אַוועקגעלאָפן.

באַלד איז צוריקגעקומען רישיאַ.

— נו? — האָט די מאַמע געפרעגט.

— גאָרנישט, איך בין הונגעריק — האָט זי פויל געענטפערט. זי האָט דערציילט, אַז דער געשעפט איז פאַרמאַכט. אַלע שטופּן זיך צום טיר. מען זאָגט אַז מען וועט עפענען נאָך מיטאָג.

אויפן באַזע איז געוואָרן אַלץ רויקער. יעדער איז געווען פאַרנומען מיט זיינע פּעק. עס איז שוין געווען נאָכן פרישטיק.

מיט אַ מאָל האָט מען פון אויוון דערהערט אַ שטילן רופן:

— מאַם, מאַם.

פריזינע איז אַרויפגעקראָכן אויפן אויוון־באַנק. אַ יינגעלע פון אַ יאָר פינף איז דאָרט געלעגן איינגעוויקלט, איינגעדעקט מיט אַלטע לאַכעס. דאָס קינד האָט קוים געעפנט די אייגעלעך, דערזען אַ פרעמדער נעבן זיך, האָט ער זיך

נאָך העכער צעשריִען. פריזינע איז אַראָפּ, האָט דער קליינער וואַניושקע זיך אַוועקגעזעצט, און אַז ער האָט דער מאַמען נישט דערזען, איז ער אַראָפּגעקראָכן איר זוכן. ער איז אַרומגעקראָכן צווישן פרעמדן עולם, זיך אָפּגעשטעלט ביים פענצטער און געשריִען הויך, אַז די מאַמע זאָל ערגעץ דערהערן. גרויסע טרערן זענען גערונען פון זיינע האַלב פאַרמאַכטע אייגעלעך, איבער די צעפּלאַמטע בעקלעך, און באַנעצט זיינע פאַרטריקנטע ליפּעלעך.

אַ ווײַלע איז ער אַנטשוויגן געוואָרן. דאָס האָט ער זיך פאַרקוקט אין די פאַרשנייטע שויבן, געקראַצט איבער זיי מיט די פינגערלעך און געוווּנדערט זיך ווי עס פאַלט פון זיי שניי. ביז ער האָט דערפילט אַ שטעכן אונטער די נעגל, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האַלט גאָר אין מיטן וויינען און מיט אַ געשריי געלאָפן צו דער טיר.

— מאַם! מאַמולו! — האָט ער געשריִען.

פריזינע האָט גאַרנישט געקענט צוזען דעם צער פון קינד. זי האָט לאַנג געזוכט אין איר קופערט און פון דאָרטן דערלאַנגט וואַניושקען אַ שטיקל צוקער. ער האָט עס גענומען פון איר און פעסט פאַרמאַכט דאָס פויסטל. נישט געקוקט מער אויף קיינעם, האָט ער צוגערוקט זיך נענטער צום שוועל און אַן אויפהער געשריִען צו דער פאַרמאַכטער טיר.

שוין גאָר אַ מידן האָט אים פריזינע גענומען און אַוועקגעלייגט נעבן איר, אויפן סונדוקל. זי האָט אים גוט איינגעדעקט. ער האָט אין גאַנצן געגליט פון היץ, זיך צעהוסט מיט אַ כריפּ און פאַרענדיקט מיט אַ קרייען. אַלע אין שטוב האָבן זיך איבערגעקוקט אין שרעק.

— דאָס איז אַ שלעכטער סימן — האָט פריזינע געזאָגט — אַז אַ קינד קרייט איז עס זייער אַ שלעכטער סימן.

שוין געווען שפּעטער אָוונט ווען מאַשקע האָט זיך באַוויזן. זי איז געקומען אַן אומצופרידענע. מען האָט גאַרנישט געגעבן. אומזיסט געשטאַנען. זי איז נאָך נישט אַריבער די שוועל און פריזינע האָט זיך צעשריִען.

— ווו ביסטו געווען? וואָס לויפסטו אַרום אַ גאַנצן טאָג און לאָזסט איבער אַ קראַנק קינד?

— וואָס איז? — האָט מאַשקע זיך פאַרלוירן — וואָס ליגסטו דאָ? קום, וואַניושקע, קום אויפן אויוון. אַז עס וואַרפט אין ליכאָראַדקע איז זייער גוט צו ליגן אויפן אויוון. מען האָט געזאָגט, מען גיט גלעזער אין סיעל־פּאָ, — האָט זי זיך פאַרענטפערט.

— ליכאָראַדקע! ליכאָשמאַדקע! — האָט פריזינע געשריִען — דאָס קינד שטאַרבט און זי פּלוידערט!

מאַשקע איז בלייך געוואָרן, אַ צעטומלטע זיך אָנגעבויגן איבערן קינד,

געטאַפּט אים דאָס ברענענדיקע קעפּל. זי האָט אַריינגענומען זיין פאַרשטייפט פויסטל אין איר האַנט. זיין הענטעלע האָט זיך אויפגעמאַכט און אַרויסגעלאָזן דאָס שטיקל צוקער. שנעל איז זי געלאָפן צום אויוון, געמאַכט אַ ביסל הייס וואַסער, אַריינגעוואָרפן דעם צוקער, געמישט עס, אַ לעק געטאָן און געטראָגן עס צום יינגל.

— סינאָטשעק, וואַניושקע, טרינק, זונעלע! טרינק, ס׳איז זיסינקע, מיט צוקער.

דאָס קינד האָט אָן עפן געטאָן די אויגן־שפּעלטלעך און געבליבן ליגן אָן דער מינדסטער באַוועגונג. זי האָט אויפגעהויבן זיין קעפּל, געפּרוווט גיסן אין מיילעכל דאָס זיסע וואַסער. ער האָט עס אָבער נישט געקענט אַראָפּשלינגען. עס האָט מיט דעם אַ שפּריץ געטאָן אויף צוריק. אַ צעטומלטע איז זי געבליבן שטיין מיט דער פּילושקע אין האַנט און געקוקט אויף אַלע אַרום איר.

— נו, וואָס שטייסטו, לויף ברענג אַ דאָקטער!

זי האָט זיך נאָך אַלץ אַרומגעקוקט, ווי זי וואָלט געזוכט עמעצן וואָס באַ־האַלט זיך דאָ אויס. דאָס קינד האָט זיך ווידער צעהוסט, געשטיקט זיך און פאַרענדיקט מיט אַ קרייעך. זי האָט דערזען אַלעמענס צעשראָקענע בליקן און ווי אָן אַרויסגעיאָגטע, דורך די גערטנער, איבער די איינגעפאַלענע פּלויטן, אַוועקגעלאָפן צו דער באָלניצע.

באַלד איז זי צוריק געקומען, איינגעוויקלט דאָס קינד און אָן אַ וואָרט אַוועק צוריק.

אַ גאַנצע נאַכט איז זי נישט געווען אויף דער באַזע. געקומען איז זי ערשט אויף מאָרגן. איז אַריין שטיל, לאַנגזאַם זיך אַוועקגעזעצט ביים טיר אויפן סונדוקל און מיט גלעזערנע אויגן געקוקט פאַר זיך.

— וואָס מאַכט דאָס קינד, מאַשקע? — האָט פּריזינע אַ פרעג געטאָן.

— נישטאָ דאָס קינד. געשטאָרבן דער מאַלטשיק.

אין אַ פּאָר שעה אַרום איז אויך מאַשקעס מאַן געקומען פון בריגאַדע, ווו ער האָט געאַרבעט אין סטעפּ. שמוציק, באַוואָקסן, האָט ער אַ פּאַרלוירענער אַ גיי געטאָן איבערן באַזע. אָנגעקוקט די אַלע פרעמדע און שווייגנדיק אַרויס אין דרויסן. דער הויף ביים שטוב איז געווען צעטאָפּטשעט. דער שניי איז געווען אויסגעמישט מיט דער בלאָטע. בלויז ביים סאַמע ווינקל איז נאָך געלעגן אַ ווייסקייט. צוויי האַלאָבלעס האָבן אַרויסגעסטערטשעט פון אַ מיט שניי־באַדעקטן שליטן. וואַניושקעס טאַטע האָט זיך פאַרקליבן אַהין און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ האַלאָבלע. דעם קאָפּ געזונקען צו דר׳ערד האָט ער שטיל געשעפּטשעט: — געשטאָרבן וואַניושקע. נישט געפעלן אים אונדזער וועלטל. ווער ווייסט אים דאָרטן בעסער זיין?

זיינע אויגן האָבן פייכטע געקוקט אַראָפּ.

# קאַפּיטל IV

טעג זענען אַוועק. חנה פּלעגט אַוועקגיין אין דער פרי און שפּעט זיך אומקערן צו איר געלעגער, וואָס זי פּלעגט פונגאַנדערלייגן אין מיטן שטוב.

איין מאָל איז זי צוריקגעקומען פריִער און דערציילט אסתרן, אַז זי קלייבט זיך אַרויס פון באַזע. זי האָט שוין אָפּגערעדט מיט אַ קאָלכאָזניצע. חנה גיט איר אַוועק איר מאַנטל מיט אַ קלייד. פאַר דעם וועט אײנע, אַן אַלמנה, אַגאַפיע הייסט זי, זיי לאָזן וווינען ביי זיך אין שטוב. אויסגערעדט האָבן זיי זיך נאָך, אַז באַהייצן די שטוב, וועט חנה.

אסתר איז מיטגעגאַנגען וווינען מיט זיי.

אין דער גרויסער שטוב, וווּ אַגאַפיע האָט געוווינט מיט איר ייִנגסטער טאָכ־טער, נאַדזשקע, זענען צוגעקומען חנה, אירע דריי קינדער, און אסתר מיט איר מיידעלע.

ערגעץ פון הויף האָט מען געבראַכט צו שלעפּן אַ גרויסע בעט מיט דריי פיס און מען האָט זי איינגעמאָשטשעט. אסתר האָט צוזאַמענגעשטעלט דאָס אײזערנע בעטל, וואָס זי האָט געבראַכט פון דער היים. עס האָט געדויערט אַ שעה און מען איז שוין געווען איינגעאָרדנט.

פרייטיק צו נאַכט, האָט חנה אַרויסגענומען אירע לייכטער פון דאָרפישן סונדוק. אין אים איז געלעגן איר גאַנץ האָב־און גוטס. זי האָט זיי אַוועק־געשטעלט אויפן טיש, צעשניטן אַ ליכטל אויף צוויי און זיך גענומען ליכט־בענטשן. מיט אַ מאָל האָט זי בולטער ווי פריִער דערזען דעם יעזוס אויף דער איקאָנע, וואָס איז געהאנגען אויבנאָן. ער איז אַלץ גרעסער און גרעסער גע־וואָרן אין אירע אויגן. איר ענג געמאַכט. די גאַנצע שטוב האָט ער פאַרנומען... זי האָט גאָרנישט געזען קיין אָרט פאַר אירע קליינע, שבתדיקע לייכטערלעך.

— גאָט דער איינציקער ווייס... — האָט זי געמורמלט אַ דערשראָקענע — אין אַזאַ טומאה... מעג מען...?

שנעל האָט זי אַראָפּגענומען די לייכטער, באַהאַלטן זיי טיף אין סונדוק. אַוועקגעזעצט זיך מיטן פּלייצע צו דער איקאָנע און געקוקט פאַר זיך. אירע

שוואַרצלעך זענען שנעל געלאָפן הין און צוריק איבער אירע ברייט צעעפנטע אויגן.

געווען איז עס אין איינעם פון די טעג, ווען חנה האָט געבאַקן ברויט.

פאַר טונקל האָט זי פאַרקנאָטן דאָס טייג. אַגאַפיע האָט שנעל אַריינגע־לייגט פייער אין אויוון. אסתר איז געשטאַנען און געשיילט קאַרטאָפל. יעדע ווײַלע איז חנה צוגעגאַנגען, אַריינגעקוקט אין דייזשע צי דאָס ברויט איז כאָטש אויפגעגאַנגען און גערעדט ווי צו זיך אַליין:

— וואָלט איך כאָטש שמואלן געקענט אָנשרייבן, אַז מיר לעבן, אַז די קינדערלעך זענען געזונט קיין עין־הרע, וואָלט דאָך מיר שוין גוט געווען... איז ער נעבעך פאַרוואָרפן געוואָרן צו אַלדע גוטע יאָר... ווער ווייס ווו? און גיי שריי צום רבונו של עולם.

זי איז אַרויסגעגאַנגען, אַריינגעקומען צוריק מיט אַ שייטל האָלץ, צוגע־וואָרפן צום פייער און ווייטער גערעדט:

— זינט די ימחשמוניקעס האָבן שמואלן אַריינגעזעצט אין טורמע, אַז ווײַ און ווינד איז צו מיר, און אונדז געבראַכט אויף סיביר, ווייס איך איין זאַך: איך דאַרף זען די קינדער זאָלן זיין זאַט. און איך וואָלט נאָך אַזוי געוואָלט דערלעבן ביז שמואל וועט קומען...

זי פלעגט עס זאָגן און בעת מעשה, קוקן אויף אסתרן מיט אַזוי פיל גע־בעט, פונקט אָן איר וואָלט עס אַלץ געווען אָפּהענגיק.

— איר לאַכט פון מיר, אסתר? איר זענט זיכער, אַז איך וועל דערלעבן? הלוואי! זאָלן באַר די קינדער קיין הונגער נישט ליידן. און וואָס איז דאָ צו רעדן? איך וועל אויסבייטן ביז אַ פאָדעם, עס זאָל זיין ברויט אין שטוב. און קוים איז פאַראַן ברויט איז שוין דאָ וואָס צו עסן. און דער עיקר עס זאָל טאַקע זיין גוט אויסגעבאַקן.

ביי די רייד איז חנה אַרויס פון שטוב און ווידער זיך צוריקגעקערט מיט אַ שייטל האָלץ.

היינט איז ביי חנהן אַ שווערער טאָג. זי איז רויט, צעשוויצט. אין אַזאַ טאָג איז זי בכוח אַ וואַלד האָלץ צו פאַרברענען. אַזוי איז זי געוווינט. געלעבט אין אַ דערפל ביי די מאָכיטשער וועלדער.

— און אין דער אמתן, טאָמער איז דאָס ברויט רוי, האָב איך דאָך נישט וואָס צו געבן די קינדער עסן — טענהט זי.

די אַלטע אַגאַפיע קען עס בשום אופן נישט פאַרשטיין:

— אַז האָלץ דאָ אויף סיביר איז מיט גאָלד צו גלייך. ברענגען עס קומט אָן מיטן טויט, איז צו וואָס וואַרפן אַזוי פיל האָלץ אין אויוון אַריין?

און כאָטש די באַזאָרגערינס פון האָלץ זענען חנה מיט אסתרן, קריגט זיך

אַגאַפּיע מיט חנהן ביי יעדעס מאָל ברויט באַקן. זי זידלט זי, שרייט אויף איר „פּריצטע“, „אויסברענגערין“.

חנה ווישט זיך די טרערן. עפּנט דאָס מויל צו ענטפערן און פאַרמאַכט אים צוריק. זי שווייגט. ווי אָבער אַגאַפּיע קערט זיך אָפּ, גנבהט זי ווידער אַריין אַ שטיק האַלץ. דערביי ווינט זי און קלאָגט אויף איר ביטער מזל, וואָס אייגן האָלץ דאַרף זי גנבהנען.

אַריינגעזעצט דעם ברויט אין אויוון, בלייבט חנה זיצן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, אין גאַנצן אויסגעשעפּט, קוים וואָס זי רעדט:

— ווי מיינט איר אסתר, וועט נישט פאַרברענט ווערן דאָס ברויט? וועט ער כאָטש נישט זיין צו טרוקן?...

אַ ביסל אָפּגערוט, הייבט זי זיך אויף, וואַשט זיך, פאַרקעמט די האָר, בייט דאָס טיכל אויפן קאָפּ, עס זעט אויס ווי זי וואָלט זיך געקליבן ליכט-בענטשן. זי זעצט זיך אָבער בלויז אַוועק אויף איר סונדוקל. בלייבט אַזוי זיצן און שאָקלט זיך לייכט אין דער ברייט. אירע פיס הענגען אַראָפּ. די ליפּן פעסט פאַרמאַכט, די אויגן אָנגעשטעלט אויף איין פּונקט און די שוואַרצאַפּלען לויפן הין און צוריק אָן אויפהער.

שעהן האָט חנה געקענט אַזוי אָפּזיצן, זיך אַוועקגעטראָגן צו איר היים, אין דאָרף סייוויטש. דאָרט איז איר אַזוי גוט געווען. זי האָט שוין פאַרמאָגט איר אייגענע שטוב, אַ קליין קרעמל, אַ גאָרטן דערנעבן. אמת, אַ שווער לעבן געווען. אָבער ווי גוט וואָלט געווען, ווען זי קען דאָרט אַהין צוריקגיין. זי וואָלט ווידער געלעבט אין דאָרף. ווי ווייט? אין גאַנצן אַ פּאָר קילאָמעטער פון איר געבורט-שטעטל. דאָרט לעבט דאָך איצט איר גאַנצע משפחה.

פּאַר אַ חגא איז זי שטענדיק געפאָרן צו זיך אין שטעטל נאָך סחורה. האָט זי זיך פּאַר איין וועגס געזען מיטן טאַטן, מיט דער מאַמען, מיט אַלעמען. מיט וועמען נישט?

זי פלעגט ברענגען אַ ביסל סחורה. פון כל טוב: שניט אין פאַרשידענע בלומען, בונטע טיכלעך, לענטעס, פּאַטשערקעס. אויסגעגעבן דאָס גאַנצע געלט, אַ ביסל נאָך צוגעבאָרגט און געקומען אַהיים.

די דאָרפישע מיידלעך האָבן שוין געוואַרט אויף איר.

— אַנו־קאַ האַננאַ, ווייז וואָס האָסטו געבראַכט?

אַך, האָט זי עס געמוזט אַכטונג געבן עס זאָל גאָרנישט פעלן נאָך זייער אַוועקגיין.

אָט זעט זי זיי שטיין מיט גרויסע אויגן פול התפעלות. ביי יעדער נייע זאַך, וואָס חנה ווייזט שרייען זיי אויס:

— אוהאַ, אוהאַ, דו זעסט?

צום סוף, אַז אַלץ איז שוין באַקוקט, שאַרן זיי זיך איינציקוויז אַהינטער. דערגייען ביז צו דער טיר און ווי אַ סטאַדע שעפּסן שטופּן זיך אַרויס אַלע צוזאַמען. לויפן אַוועק אָן אַ גוטן טאָג. פון הויף שרייען זיי מיט געלעכטער:

— האָסט גאָרנישט געבראַכט האַננאַ!

אויף חנהס פאַרדאגהט פּנים שוועבט דורך אַ קוים באַמערקט שמייכל.

— זיי זענען אָבער צוריקגעקומען — טראַכט זי ווייטער. אַך, וויפל כוחות האָט מען געדאַרפט אָוועקגעבן.

איינציקוויז האָבן זיי אָנגעהויבן קומען צוריק. פול מאַכן דאָס פּיצל קרעמל, און חנה, אַ רויטע, אַ צעשוויצטע, שטייט אין מיטן און האַלט אין איין דערוויזן:

— קוקט, מיידלעך, ווי די בלומען זענען רויט, און דער גרונט איז גרין, אַזוי ווי דאָס גראָז! גלייבט מיר, אַז מען דאַרף גאָרנישט עפּעס שענערס פאַר אַ ראָז, פריש פּנים.

אין קעמערל ווערט אַלץ ענגער.

— שמואל! ווו ביסטו שמואל? — ער דרייט זיך אַרום ביים גאָרטן, מייסט־רעוועט ביים ברונעם. עס ווילט זיך אים אַלץ מאַכן, עס זאָל לייכטער זיין אַרויפצודרייען דעם עמער. עס איז טאַקע זייער אַ שווערער הילצערנער עמער, אָנגעצויגן מיט נאַסקייט. אַז מען דרייט אַראָפּ די קייט לויפט ער, אָבער אַרויפ־שלעפּן אַ פולן מיט וואַסער, איז שווער ווי דער טויט. געזונט זאָל ער מיר זיין, שמואל. פּונקט איצטער זיך אויסגעקליבן אַ מלאכה.

— שמואל, שמואל, אַ כוח אין דיר! הולך אַריין און זיי רואה! די ערלטעס וועלן מיר צולקחנען דאָס ביסל סחורה!

חנהס אויגן ווערן פאַרנעפּלט. זי ווישט זיי, שלינגט די טרערן.

— ווו איז ער איצטער נעבעך, שמואל?

ווי אַ לונאַטיקעריך הייבט זי זיך אויף און נעמט אַרויס דאָס ברויט פון אויוון. פאַרשפּרייט אַ טישטעכל אויפן בעט, לייגט אויס די לאַבנס און זעצט זיך צוריק אויף איר אָרט.

— גאָט, מיין גאָט, — טראַכט חנה — צו וואָס? צו וואָס האָב איך עס אַלץ געדאַרפט? אַ גאַנץ לעבן קיין מאָל נישט געגעסן אין דער צייט. אַפילו דאָס אויסגעבעטענע ביי גאָט, אונדזער קדישל, דער איינציקער בן־יחידל, חיימל, פלעגט קריגן אָנגעשלאָגן און אַרויסגעוואָרפן פון קרעמל, אויב ער האָט גע־וואַגט צו בעטן עסן אין מיטן פאַרקויפן אַ קלייד.

און איצט? ווו איז עס אַלץ? געבליבן דאָרטן אין דאָרף. און מיר דאַרפן דאָ זיצן ביי אגאַפיען. און שמואל וואַלגערט זיך ערגעץ אַליין, אָן אַ העמד אויפן לייב. פאַר וואָס? פאַר וועמעס זינד? ער האָט אַפילו נישט די זכיה אָנצוקוקן

זיינע קינדערלעך. ווי שיין, ווי געראָטן זיי זענען אָן עין־הרע, וואָלט איך אים כאָטש געקענט אָנשרייבן אַז זיי האָבן ברויט.

די קינדער האָבן אָנגעהויבן קומען פון שול. דער ריח פון פרישן ברויט האָט פאַרשמעקט די שטוב. מיט פרייד זענען זיי געלאָפן צו דער מאַמען, נעבן איר אָבער זיך פאַרהאַלטן שטיל. זיך איבערגעקוקט און געפּאָרשט מיט די בליקן איינער ביים צווייטן.

— מאַמע, מיר וועלן עסן? — האָט שרהלע נישט דרייסט געפרעגט.

חנה האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. זי האָט זיך געוואָלט פאַרענטפערן. צוליב וואָס האָט דאָס איר געלוינט?

— פאַר וואָס האָב איך צוליב יעדן נאַרישן קלייד פאַרקויפן, צוליב יעדעס קרענצל פּאַטשערקעס, אַזוי געמאַטערט מיינע קינדערלעך, מיינע טייערע פייגעלעך, נעבעך? — האָט זי נאָכאַנאַנד געפרעגט אין זיך.

די נאַכט האָט זיך אָנגערוקט. אַגאַפיע האָט שוין אָנגעצונדן דעם קורניקל. חנה איז נאָך אַלץ געזעסן, געקוקט אין איין ווינקל.

— מאַמע, עס איז דאָך שוין שפּעט, פאַר וואָס גיסטו אונדז נישט עסן?

— האָט חיימל געפרעגט.

ווי צעטומלט האָט זיך חנה אַ ריס געטאָן פון אָרט.

— וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיר? — האָט זי געשריִען — וואָס ווילט איר פון מיין לעבן? ווי לאַנג וועל איך עס קענען אַזוי אויסהאַלטן?... אַלץ צוליב דעם עסן. אַז צוליב וואָס האָט עס מיר געלוינט? פאַר וועמען האָב איך עס אַוועקגעגעבן מיין גאַנץ לעבן, מיין גאַנץ געזונט? — האָט זי געכליפּעט און אַן אויסגעשעפּטע זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעט נעבן ברויט.

— פּריצישע גענג — האָט אַגאַפיע געקוועטשט מיט די פּלייצעס. פאַרלאָשן די קאָפּטשילקע און אַרויף אויפן אויוון.

ווען חנה איז געקומען צו זיך און אַראָפּ פון בעט, זענען די קינדער געלעגן איינגעשלאָפן אין די ווינקלען. דאָס ברויט איז געווען נישט גערירט.

— זאָל איך וועקן די קינדערלעך? — האָט זי זיך געישובט — ווי אַמאָל אין דער היים, זענען זיי נעבעך איינגעשלאָפן הונגעריקע...

אַ ווייטיק האָט זי געדריקט ביים האַרצן. עס האָט איר געזעצט אין די שלייפן.

— מען מוז זיך האַלטן. מען טאָר נישט וויינען... איך וואָלט נאָך אַזוי געוואָלט דערלעבן זען שמואלן — האָט זי געמורמלט מיט געבעט.

פון דרויסן, דורכן פענצטערל, האָט אַריינגעקוקט אַ ווייסע נאַכט. עטלעכע

צענדליק הייזלעך זענען געשלאָפן אין שניי. פון ווייטן האָבן זיך געבערגלט די לעפיאָנקעס אין נאָענטן, קאַזאַכישן אַאול.

— אם ירצה השם — האָט חנה אַ טראַכט געטאָן — אַז מען וועט דערלעבן מאָרגן, דאַרף מען צוגיין אין אַאול. איך האָב נאָך אַ ציכל צו אַ גרויס קישן. אפשר וועל איך קריגן פאַר איר אַ האַלבן פוד ווייץ. זאָלן די קינדער כאָטש האָבן ברויט...

## קאַפּיטל V

אין גאַנצן אַ פּאָר מאָנאַטן וועט זיין, ווי נאַדזשקע, אַגאַפּיעס טאָכטער, אַרבעט און שלאָפט אין בריגאַדע. איר אָבער דוכט זיך, אַז זי האָט שוין זינקעלען זייער לאַנג נישט געזען.

איידער זי איז אַוועק אין סטעפּ, האָט זי אַ לאַנגע צייט געלעבט ביי איר קוזינקע וואַליע. געקומען צו איר איז זי פּונקט אין יענעם טאָג, ווען וואַליעס מאַן, וואַלאָדיע, איז אַוועק אויפן פראָנט. זייער טעכטערל, זינקע, איז דאַן אַלט געווען ביי אַ האַלב יאָר.

וואַליעס הייזקע איז פון די לעצטע, ביים גרויסן טראַקט. זי אַליין אַרבעט טאָג און נאַכט אין אַ בריגאַדע, נאָענט פון דאָרף. יעדן טאָג, וואָס זי רייסט אָפּ פאַר זיך, איז זי אויפן גאָרטן, וואָס ציט זיך הינטער איר שטוב. זי האָט דאָרט פאַרזעצט קאַרטאָפל און בוריקעס.

נאַדזשקע האָט געהאָלפן אין דער שטוב־אַרבעט, זיך אַרומגעטראָגן מיטן קינד אויף די הענט. ווען זינקעלע איז געשלאָפן, האָט זי אויך געאַרבעט אויפן גאָרטן.

וואַליע איז זייער אַ גוטע. זי האָט געטיילט מיט נאַדזשקען יעדן ביסן. זיי האָבן געהאַט קאַרטאָפל, מילך, אַ מאָל אויך ברויט.

ביי נאַדזשקען אין שטוב איז שוין לאַנג קיין ברויט נישט געווען. איר מאַמע האָט דעמאָלט געאַרבעט אויף דער באַזע, ביי די שעפּסן. זי איז זעלטן געווען אין דער היים. אין שטוב איז געווען ענג. חנה מיט די קינדער און אסתר מיט איר טעכטערל. זיי האָבן אַנגעשטעלט בעטן. ביי איר חתונה געהאַטער שוועסטער האָט מען שוין אויך געהונגערט. געקומען איז זי צו וואַליען אַזוי זיך, בלויז געזעגענען וואָלאָדיען. יענעם טאָג איז זי שוין אַהיים נישט געגאַנגען און פון דאַן אָן געבליבן וווינען מיט זיי.

אַלע דריי האָבן געלעבט אין איין קאַמער, אין „הארניצע“. מיט דער קיך כמעט זיך אין גאַנצן נישט באַנוצט. דער גרויסער, אַלטער אויוון איז דאָרט

צעבראָכן, דאָס פענצטער, אָנשטאָט שויבן, פאַרקלאַפּט מיט ברעטלעך. אַנטקעגן איווון שטייען נאָך אָפּגעצוימט די זאַסיקעס, צוזאַמענגעקלאַפּט פון ברעטער. דאָס איז נאָך געבליבן פון אַמאָל. ווען די מומע אָלגע האָט געלעבט, האָט מען דאָרט געהאַלטן תבואה. היינט וואַרפט מען דאָרט אָן די קאַרטאָפל און די בוריקעס. עס קלעקט נאָך אָרט אַוועקצולייגן די קיזיאַקעס, אַ ביסל האָלץ.

נאַדזשקען איז גוט געווען ביי וואַליען. אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט זי זיך דערלאַנגט אַ הייב אויף און אַוועק אין סטעפּ.

וואַליעס מאַן איז שוין געווען צוריקגעקומען פון פראָנט. ער איז גיך צוריק געקומען מיט איין פוס. דער צווייטער איז געווען אַ הילצערנער, צוגעשפּיליעט מיט רימענדלעך. וואַלאָדיע איז געווען זייער בלייך און אָפּט האָט זיין פּנים געצוקט.

אין די גרויסע היצן פלעגט ער אָפּשפּיליען דאָס שטיק האָלץ מיט די רימענדלעך און מיט דער הילף פון די צוויי קוליעס צושפּרינגען צום טראַקט. אויף דער ערד, אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט, פלעגט ער בלייבן זיצן מיט זיין איינציקן פוס אויסגעצויגן פאַר זיך. ער האָט אויסגענוצט די צייט אַכטונג צו געבן אויף דער קליינער זינקעלען. נעבן אים האָט זי זיך געשפּילט אין זאַמד. קוים האָט די קליינע זיך אָפּגערוקט ווייטער, האָט ער מיט דער קוליע אין האַנט פאַרשטעלט איר דעם וועג, געהיט דאָס קינד זאָל נישט אַריינפאַלן אין ראָוו.

וואַלאָדיע איז געזעסן און צוגעפּיפן. מיט אַ מאָל האָט זיין פּנים אָנגעהויבן צוקן.

— וואַליע! היי, וואַליע! נאַדזשקע! ווער איז דאָרטן? — האָט ער זיך צעשריען — איר הערט? ווו זענט איר דאָרטן? דערלאַנגט מיר מיין פוס, איך וויל זיך אַריינכאַפּן אויף אַ ווײַלע צו סטעפּאַנען!

נאַדזשקע פלעגט דאַן איינזינקען אין קאַרטאָפלאַניק, ווי זי וואָלט געוועזן צוגעוואָקסן צו דער ערד, בלייבן פאַרקוקט אין אַ פאַרקערטער ריכטונג, צוגעשפּיצט צום אָרט, פון וואַנען עס איז געקומען דער געשריי. אין גאַנצן אָפּגעגאָסן מיט אַ רויטקייט, האָט זי מער געפילט ווי געזען וואַליען זיך אויפהייבן. ווען וואַליע איז געקומען צוריק מיט זינקעלען אויף די הענט, האָט נאַדזשקע געוווּסט, אַז זי האָט שוין וואָלאָדיען דערלאַנגט דעם פוס, אַז ער איז אַוועק. האָט זי זיך דאַן אַרויסגעהויבן צווישן די הייכע קוסטעס.

אין יענער צייט האָט דאָס מיידל אַ וואַקס געטאָן, העכער געוואָרן, פולער. אַ ראָזקייט האָט געשפּילט אויף אירע באַקן. בעתן אַרומשיטן די קאַרטאָפליעס האָט זי, שווייגנדיק געזען, ווי די זון רוקט זיך אַראָפּ אַלץ נידעריקער צו דער ערד און געטראַכט וועגן דעם, אַז עס וועט באַלד ווידער ווערן פינצטער.

נאַדזשקע האָט פיינט געהאַט די נעכט. שוין נישט איין מאָל איז איר איינ־געפאַלן אין מיטן נאַכט אַוועקצולויפן צו זיך אַהיים. איר מאַמעס כאַטקע שטייט דאָך אָן אַ זייט, אַ סך ווייטער פון טראַקט.

— עס האָט מיר שוין דערעסן ווי אַ שוואַרצער רעטעך! — האָט זי גע־בורטשעט און אַ שלאָפלאָזע זיך געוואָרפן אויפן געלעגער.

אין איינעם אַ פרימאָרגן, ווען וואָלאָדיע איז אַרומגעגאַנגען הין און צוריק איבערן שטוב, האָט איר אויפגעוועקט דאָס קלאַפן פון זיין הילצערנעם פוס מיט די קוליעס.

— וואָס שלאָפסטו אַזוי שפּעט, נאַדזש? וואָליע האָט שוין אַ האַלבן גאָרטן אויסגעיאָטן! ווער שלאָפט עס איצטער? שוין האַלבער טאָג — האָט ער געלאַכט.

פאַרשעמט האָט נאַדזשקע זיך אַ הייב געטאָן פון געלעגער און שנעל גע־נומען מאַכן אָרדענונג אין שטוב. עס איז שוין טאַקע געווען שפּעט. גאָר הויך געשטאַנען די זון.

אַז ביי נאַכט שלאָפט זיך נישט — האָט זי געטראַכט — היינט זענען שוין ווידער געפאָרן גרוזאָוויקעס דורכן טראַקט. שוין ווידער האָט ביי נאַכט מיר אויפגעוועקט דאָס געזאַנג. אַ גאַנצע נאַכט זענען זיי געפאָרן. איין אויטאָ האָט געיאָגט נאָכן צווייטן, אָנגעלאָדן מיט רעקרוטן. זיי פאָרן און זינגען... וואָס זינגען זיי?...

ווען די גרוזאָוויקעס זענען פאַרבייגעפאָרן איינס נאָך איינס, האָט זייער ליכט זיך פאַרהאַלטן אין דער דערבייאיקער קיך. דורך די שפּאַלטן פון דער צעטריקנטער טיר האָט לאַנג אַריינגעשיינט. אַ שיין איז געשפּרונגען איבער די פינצטערע ווענט. אין קיך זענען ווידער געפאַלן שטיקלעך ציגל פון צעבראָ־כענעם אויוון. דאָס ליים האָט זיך געקרישלט. עס האָט געראַשט אין איינגע־פאַלענעם קוימען; לאַנג איז דאָרט געשטאַנען אַ ליכטיקייט, ווי עס וואָלט זיך אָנגעצונדן, געברענט...

ווען דאָס געזאַנג אויף די לאַסטאויטאָס האָט זיך פאַרבייגעטראָגן, איז געוואָרן מוראדיק פינצטער. נאַדזשקע האָט געציטערט אויפן געלעגער, געטו־ליעט דעם קאָפּ אין קישן און געוואָלט איינשלאָפן, האָט זיך אָבער ווידער צע־לויכטן אויף דער וואַנט אַנטקעגן וועג און ביים אָנהייב פון טראַקט האָט מען אויף ס׳ביי דערהערט זינגען.

עס האָבן שוין געקרייט די הענער אויף טאָג, ווען נאַדזשקע איז איינגע־שלאָפן. איצט האָט זי אַ פאַרלוירענע געקוקט צום זוניקן דרויסן אויף יענער זייט. פאַר די גרויע פאַרשטויבטע פענצטערלעך האָט זיך געצויגן דער ליידיקער טראַקט.

אַ פאַרטראַכטע, פאַרנומען מיט אַרבעט, האָט זי גאָרנישט געזען, ווען

וואָלאָדיע איז אַרויס. ער איז געזעסן פאַרן וועג אָנגעשפאַרט אָן דער וואַנט. נאַדזשקע האָט גיך געוואַשן די פּאָדלאָגע, געוואָלט פאַרענדיקן וואָס שנעלער און אַרויסגיין העלפן וואָליען אויפן גאָרטן.

— עס איז שוין באַלד נאָכן טאָג — האָט זי געזאָגט פאַר זיך — שוין שפּעט. באַלד ווערט ווידער נאַכט. איך וויל נישט. דאָס געזאַנג וועט מיך שרעקן.

נאַדזשקע ווייסט: דאָס פאַרן אונדזערע מאָביליזירטע „באַשיע". זיי פאָרן פון די ווייטע דערפער זיך שלאָגן מיט די פאַרשאָלטענע דייטשן. דער דיעדושקאָ סטעפּאַן זאָגט, אַז זיי גייען אָפּגעבן די קעפּ פאַר דער ראָדינע.

— אָפּגעבן די קעפּ? איז וואָס זינגען זיי?...

שוין וויפל מאָל האָט זי געזען פון דאָרף אַוועקגיין מאָביליזירטע. דאָס איז אָבער נישט געווען אין מיטן נאַכט. און זיי האָבן נישט געזונגען...

דאָס לעצטע מאָל האָט זי עס געזען, ווען מאַרוסיעס ברודער, מישקאָ, איז אַוועק אויפן פראָנט.

נאַדזשקע איז געשטאַנען פאַרן וועג מיט זינקעלען אויף די הענט. עס איז געווען פאַרנאַכט. מענטשן זענען געגאַנגען צום „סיעל־סאָוויעט". הינטער זיי האָט זיך אויפגעהויבן אַ געדיכטער שטויב. דאָס האָט פּיעטרוק זיך צוריקגעקערט מיט דער סטאַדע פון פעלד. נאָדזשקע האָט זיך נישט גלייך אָריענטירט, וואָס דאָ קומט פאָר. אַלע האָבן פול געמאַכט דעם ברייטן וועג. די קי האָבן דערשראָקענע זיך אַריינגעריסן צווישן צעטומלטן עולם. געלאָפן איינע פאַר דער צווייטער, איבערגעיאָגט די מענטשן און איינציקווייז פאַרשוווּנדן צו זיך אין די שטאַלן.

דער בלינדער פּיעטרוק איז געבליבן שטיין אין מיטן וועג. עס האָבן זיך אים אַזוי צוזאַמענגעמישט די קי מיט די מענטשן, אַז ער האָט זיך גאָרנישט געקענט פונאַנדערקלייבן. קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט. איז ער געבליבן שטיין אַן אָפּגעזונדערטער, דעם קאָפּ פאַרהויבן, אָנגעבויגן אין אַ זייט. זיין איינציק האַלב אָפן אויג האָט געפינטלט צום טונקעלן פלעק פאַר זיך.

נאַדזשקע איז אַרויפגעלאָפן אויפן גאָרטן, איבערגעלאָזט זינקעלען נעבן וואָליען און אין איילעניש געיאָגט צוריק.

ביים אָנהייב פון טראַקט, איז נאָך אַלץ געשטאַנען פּיעטרוק, פאַרגולמט ווי ער וואָלט זיך נישט געקענט רירן פון אָרט. שוין גאָר ווייט פון אים זענען די מאָביליזירטע מיט זייערע משפחות צוגעקומען צום פּלאַץ. נאַדזשקע האָט זיי אָנגעיאָגט. פיל קינדער זענען נייגעריקע מיטגעלאָפן אויף די שמאָלע שטעגלעך פאַרביי די כאַטעס.

פאַר אַלע איז געלאָפן מאַנטעראָוועס רויטע קו. איר הויף האָט זי שוין לאַנג פאַרבייגעיאָגט און נישט באַוויזן, דורכן עולם, זיך דורצורייסן צום שטאַל.

איז זי איצט געלאָפן פאָרויס, פון צייט צו צייט געמאַכט אַ פרווו זיך אומצו־קערן צוריק, אַ דערשראָקענע פון עולם, וואָס האָט געשטראָמט נאָך איר, איז זי אַלץ ווייטער און ווייטער געלאָפן מיט אַ טרויעריק פאַרבענקטן מוקען.

באַלד נאָך דער קו איז געגאַנגען מאַרוסיעס ברודער מישקאַ. ער האָט גע־טראָגן אַ גרויסע מאַרינאַרקע און אויסגעזען ווי אַ קליינער טאַטע. זיין מאַמע איז געגאַנגען ביי זיין זייט ווי מיט אַ גרויסן. זי האָט אים געגלעט איבער זיינע לאַנגע אַרבל און נאָך אַ נאַנד איבערגעחזרט:

— שרעק זיך נישט, מישענקאַ, דער טאַטע איז אויך דאָרטן אויפן פראָנט...

יענעם טאָג איז געווען אַ גרויסע מאָביליזאַציע אין דאָרף. אַזאַ טומל גע־וואָרן, ווען די רעקרוטן זענען אַרויף אויפן לאַסט־אויטאָ. אַלעמענס געשרייען האָבן זיך אויסגעמישט:

— וואַנקע זאָלסט היטן דיין קעסטל!

— גרישאַ, פאַרליר נישט דעם שאַליק!

— זאָלסט שרייבן!

— שרייב צום טאַטן אויפן פראָנט!

— זאָלסט זען נאָכפרעגן אויפן טאַטן! געפין אים!...

— נאַ, אַנדרושינקאַ, אַ טיכעלע! — האָט געשריגן די באַבושקע קיריאַ־קאָווע און געטראָגן אַ טיכעלע אין דער אויסגעשטרעקטער האַנט, לויפנדיק פאָרויס מיט דריבנע טריטעלעך — נאַ, אַנדרושינקא און...

דער גרוזאָוויק האָט אַ צי געטאָן פון אָרט, סיגנאַליזירט און איז אַוועק מיטן טראַקט. אַוועק אין דער ריכטונג, ווו די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און אַ רויטע און אַנגעצונדענע געשטאַנען צווישן הימל און ערד.

אַלע האָבן געקוקט צום וועג. דער שטויב האָט געיאָגט, געקייקלט נאָך די לאַסט־אויטאָס, אַלץ שיטערער געוואָרן און זיך אָפּגעזעצט. קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. עס איז געווען שטיל. מיט אַ מאָל האָט אַ הייזעריק, פאַרשטיקט קול זיך געבראָכן אין דער לופטן, געפאַלן אין אָפּגעהאַקטע שטיקלעך:

— מי־שענ־קאַ!

דער עולם האָט זיך אַ ריס געטאָן פון די ערטער. מישקעס מאַמע איז געלאָפן פאָרויס. אַ וואַקלענדיקע געפלאָנטערט פאַר זיך מיט די פיס, ווי זי וואָלט געווען שיכור, איר קאָפּ איז אַראָפּגעהאַנגען אויף פאַרנט. אָט,אָט און זי פאַלט אין דער טיפער רינע ביים וועג. ווען מען האָט זי געטראָגן צום „סיעלסאָוויעט“, האָבן אירע הענט נאָכגעבאָמבלט ווי פרעמדע.

נאַדזשקע האָט עס אַלץ צוגעזען. זי איז געווען בלייך, אין גאַנצן געציטערט.

— עס האָט מיר שוין דערעסן ווי אַ שוואַרצער רעטעך! — האָט זי אַרויסגעשעפּטשעט און מיט אַ געוויין אַנטלאָפן אַהיים.

אויף צומאָרגנס פאַרנאַכט, ווען זי איז געשטאַנען און געאַרבעט אויפן גאָרטן, האָט זי ווידער דערהערט אַ געזאַנג. זי איז אַרויסגעלאָפן צום וועג. מיט די סטעזשקעס הינטער די גערטנער, זענען די ווייבער געגאַנגען פון די נאָענטע פעלדער. זיי זענען געגאַנגען אויף ביינאַכט אַהיים און האָבן געזונגען. צווישן זיי איז אויך געווען מישקעס מאַמע.

נאַדזשקע איז לאַנג געשטאַנען און געקוקט. צוריק צו דער שטוב איז זי געגאַנגען פּאַמעלעך.

זיי זינגען — האָט זי געטראַכט — ביי נאַכט ווערן פאָרן גרוזאָוויקעס מיט מאָביליזירטע, ווערן זיי ווידער זינגען...

אין דער פרי, ווען דער בריגאַדיר איז אַרומגעפאָרן רופן די באַבעס צו דער אַרבעט, איז נאַדזשקע שוין געווען וואַך. די קליינע זינקעלע איז נאָך געשמאַק געשלאָפן. נעבן איר, אויף אַ טאַבורעט, איז געלעגן וואָלאָדיעס היל־צערנער פוס. ער אַליין האָט זיך געוואָרפן אויף זיין געלעגער.

נאַדזשקע האָט אים דערלאַנגט זיין מאַכאָרקע און ער האָט גענומען פאַר־רויכערן.

— וואָלאָדיע, איך וויל פאָרן אַרבעטן אין בריגאַדע — האָט זי שטיל געזאָגט.

ער האָט דערשאָטן דעם טאַבאַק, פאַרוויקלט דעם פּאַפּיראָס און אויפגע־הויבן די אויגן.

נאַדזשקע איז שוין געווען ביי דער טיר.

— איך וועל קענען... איך בין שוין אַ גרויסע! איך האָב שוין פּופּצן יאָר — האָט זי אויסגעשריִען און אַרויסגעלאָפן צו וואַליען.

ביידע זענען געקומען פון גאָרטן און אויפגעלייגט אַ פּעקל עסן. נאַדזשקע איז דורכגעגאַנגען די קיך. ביים בערגל, וואָס איז געלעגן אָנגעוואָרפן פון שטיקלעך ציגל און ליים, נעבן צעבראָכענעם אויוון, איז זי געבליבן שטיין.

— דאָס איז אַלץ פון די גרוזאָוויקעס, וואָס פאָרן ביי נאַכט דורכן טראַקט... די שטוב טרייסלט זיך... דאָס ליים שיט זיך... שוין באַלד דער גאַנצער אויוון איינגעפאַלן... — האָט זי טרויעריק אַ זאָג געטאָן און עס איבערגעשפּרונגען.

מיטן פּעקעלע אין איין האַנט, אין דער צווייטער איר אַלטע פּופּייקע, איז זי אַרויסגעלאָפן פון שטוב. זי האָט אָנגעיאָגט דעם בריגאַדירס בריטשקע און מיט אים צום ערשטן מאָל אַוועק אין בריגאַדע.

זי איז אַוועק אַרבעטן און שלאָפן אין סטעפּ.

# קאַפּיטל VI

שוין עטלעכע וואָכן ווי די אַלטע קיריאַקאָווא האָט זיך געגרייט צו דער שמחה: גערופן משפחה, שכנים און גלאַט גוטע פריינד. דאָס האָט זי געפּלאַנט אַ „הוליאַנקע" לכבוד איר טאָכטער, וואָס האָט געדאַרפט קומען פון ראַיאָן.

קיינער ווייסט נישט די סיבה פון איר, קאַטיעס, פּלוצעמדיקן קומען.

— מען האָט זי אַראָפּגעזעצט פון דער אַרבעט — דערציילט גאַווריליאָווע

— מען וועט זי נאָך משפּטן. איך האָב אַליין געהערט ווי מען האָט גערעדט — האָט איינער געזאָגט... — געננוי ווייס איך נישט. עס איז אָבער נישט קיין גלאַ־טע זאַך. די נייס האָט אויך פּיעטראָוו געבראַכט פון מיכיילאָווקע.

— דאָס זענען פּליאָטקעס — זאָגט טאַנקע — דער אמת איז, זי איז זיך צעגאַנגען מיטן מאַן, קומט זי צו דער מאַמען. וווּ דען זאָל זי גיין?

ביעלאָגלאַזאָוו קען גאָר נישט פאַרטראָגן די ווייבערישע פּלוידערייען.

— זי האָט אַזוי געהאַט אַ מאַן, ווי אַ בער אַ בוזים־קעשענע.

— איך פאַרשטיי נישט, וואָס דאַרף אייך ווײי טאָן דער קאָפּ דערפאַר — מישט זיך אַריין דער דיעדושקע גאַווריליע — אַ מענטש רופט אויף אַ הו־ליאַנקע, האָט זיך געוויס אָנגעקליבן אַ היפּש ביסל ביטערניש אויף דער נשמה. אַ פּלעשל איז אויך מסתמא פאַראַן, וועט מען צוזאַמען אויסטרינקען און פאַר־טרייבן די נאַגעניש.

אויף יענעם זונטיק האָט קיריאַקאָווע אַפילו נישט פאַרגעסן צו רופן אסתרן, די פאַרשיקטע פון פוילן, וואָס האָט געוווינט אַנטקעגן איר, איבערן גאָרטן.

נאָך אין פירהויז האָט אסתר דערהערט דעם טומל פון אינעווייניק. גלייך ביים עפענען די טיר, האָט אַ שלאָג געטאָן מיט ריחות פון בראָנפן און זויערן קרויט. אסתר האָט געוואָלט זיך דורכשטופּן צום טיש און באַגריסן קאַטיען, זי האָט איר אָבער נישט געזען.

די שטוב איז געווען פול. נעבן פענצטער, אין ווינקל, האָט זיך אָפּגע־

טיילט דער יונגער עולם. זיי האָבן געשיילט סעמיטשקעס, געשמועסט צווישן זיך און געלאַכט. ענג צוזאַמענגעדריקט אַרום טיש, איז מען געשטאַנען, גע־טופּעט מיט די פּיס אויף איין אָרט, אויסגעטאַנצט אַ ליד, וואָס אַלע האָבן גע־זונגען. אין דער אָפּענער טיר האָבן אַלע דערוואָרט צו דערזען קאַטיען. אסתרס דערשיינען האָט דעם עולם פאַרווונדערט און אַנטוישט. מען האָט איבערגעריסן דאָס טאַנצן.

כאָטש אסתר האָט זיך גוט פאַרהאַלטן מיט אַלע אין דאָרף, האָט מען איר דאָ, אויף דער שמחה, געזען ווי אַ פרעמדע. אַ ביסל פאַרלוירן, ווי געכאַפּט ביי אַ קינדערשער שטיפעריי, האָט מען זיך אַוועקגעזעצט „סטאַטעטשנע", ווי עס פּאַסט פאַר ערנסטע מענטשן, פאַרענדיקט זינגען דאָס ליד.

— וועמען זוכסטו, סטעראַ? — האָט איר פאַרהאַלטן דער דיעדושקע גאַוורילע.

— דעם גאַסט.

— נישטאָ איר נאָך. זי וועט באַלד אָנקומען. קיינער מסתמא נישט גע־פאָרן פון ראַיאָן. שלעפּט זיך געוויס צו פוס. זעץ זיך, סטעראַ, הוליע מיט אונדז. — ער האָט זי גענומען ביי די הענט און אַוועקגעזעצט אויפן באַנק נעבן זיך.

ביים קאַנט פון טיש, אויף אַ נידעריק בענקל איז געזעסן די דאַרע באַיאָווע. זייטיק אַז קיינער זאָל נישט באַמערקן, האָט זי געשטורכעט אירע צוויי יינגלעך, וואָס האָבן איר נאָכאַנאַנד געצויגן ביים קלייד.

— מאַמע — האָבן זיי שטילערהייט געפּאָדערט — מאַמע, עסן ווילן מיר, גיב נאָך אַ פּיראָזשאָק!

זי האָט זיך געפילט פאַרלוירן מיט זייער אַפּעטיט, אַזש דאָס בלוט איז איר געקומען אין פּנים. פּאַפּאָווע נעבן איר האָט זיך געמאַכט נישט זען.

— דער הונגער איז אייך באַפאַלן? — האָט זי קוים געצוימט אין זיך דעם כעס.

זיי אָבער זענען ניט אָפּגעטראָטן. דער געדולד האָט איר ענדלעך געפּלאַצט.

— געננוג! — האָט זי אויסגעשריִען — וויפל איז דער שיעור?

— רעג זיך נישט אויף באַיאָווע — האָט שטיל גערעדט וואַסיל — קינ־דער זענען אַזוי.

— קינדער, קינדער — האָט זי געפּלאַמט פאַר חרפּה — אַ קינדערשע קישקע דאַרף אויך האָבן אַ דעק! — מיט רוגזה האָט זי אַריינגעלייגט יעדן אַ פּיראָזשאָק אין האַנט אַריין. גענוג — האָט זי אויסגעשריִען — געגאַנגען! היידאַ, אין גאַס אַרויס זיך שפּילן. דאָ איז נישט דאָס אָרט פאַר אייך.

אין דאָרף האָט מען גוט געוווסט, אַז ביי באַיאָווען אין שטוב איז קיין ברויט נישטאָ. איר פאַרשעמטקייט האָט פאַרשאַפט ווייטיק. האָט פּאָפּאָווע זיך אָנגעבויגן און שטיל איר געפּליסטערט אין אויער אַריין:

— פאַרסם זיך נישט דאָס בלוט, באַיאָווע, ביסט נישט איינע.

— טרינק, סטערא, טרינק! זיי אַן אייגענע. וואָס זענען מיר דען ערגער פון אַנדערע? ערגער פון אַלע? — דער דיעדושקע האָט אויפגעהויבן זיין גלאָז — פאַר דיין געזונט, סטעראַ!

זיינע רייד האָבן ווידער געצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט אויף אסתרן. זי האָט גענומען דעם קילעשאָק אין האַנט. ער האָט אַן אים אָנגעקלאַפּט זיין גלאָז. זיי האָבן אויסגעטרונקען. אסתר איז אין גאַנצן רויט געוואָרן. אירע אויגן זענען פאַרלאָפן מיט טרערן.

— אַנו? — האָט דער דיעדושקע געפרעגט אַ צופרידענער.

— עס איז ביטער! — —

דער עולם האָט געלאַכט. פעטיאַ, וואָס איז געשטאַנען ביים פענצטער מיט דער יונגער חברה, האָט די גאַנצע צייט געקוקט אויף אסתרן מיט נייגער. זייערע בליקן האָבן זיך אַ ווײַלע פאַרטשעפּעט און זי האָט זיך פאַרקוקט אויפן טיש. ער האָט זיך געהוידעט פאַר אירע אויגן. אויף אים דאָס פוסטע פלעשל. און איינס נאָך אין גאַנצן אַ פולס. די ריחות און פאַרע פון געטושעטן קרויט און געפּרעגלטע ציבעלעס האָבן געשטיקט, אַזש אין קאָפּ האָט איר פאַרשווינדלט.

— דיעדושקע גאַווריליע, איך בין דאָך נישט שיכור — האָט זי עטלעכע מאָל איבערגעחזרט מיט געבעט און הויך געלאַכט...

קיריאַקאָווע, וואָס האָט זיך געפּאָרעט ביים אויוון, איז צוגעקומען מיט אַ פולע שיסל צוגעטריקנטע קאַרטאָפל. זי איז געווען צעפלאַמט, רויט. אירע אויגן האָבן מיט דער גאַנצער אָנשטרענגונג אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער, צום וועג. דערזען אסתרן האָט זי זי זיך שטאַרק דערפרייט.

— גוט דו ביסט געקומען, סטערא, ביסט מיר אַן אייגענע. שטעל דיר פאָר, טייערינקע, נישטאָ נאָך מיין קאַטינקע — האָט זי גערעדט אַ פאַרזאָרגטע.

— ס'וועט גוט זיין! — האָט איבערגעשלאָגן דער דיעדושקע — נאָר נישט פאַרזויערן זיך, קיריאַקאָווע! טרינק אויס נאָך אַ קאַפּל. מען מוז, מען קען נישט אַנדערש. גיב נישט נאָך דעם אומעטיקן טייוול!

קיריאַקאָווע האָט אַ הויב געטאָן דאָס דערלאַנגטע גלאָז, זיך צעשמייכלט צו אַלע, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אַהינטער און אויסגעטרונקען. באַלד אָבער אָפּגעלאָזט איר בליק צו דער פּאָדלאָגע און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

— וואָס איז, קיריאַקאָווע, האָסט פאַרגעסן ווי מען טרינקט? פאַרבייס!

— גאָרנישט... נאַרישקייטן...

זי האָט אָנגעקוקט גאַווריִלען. איר שיכורלעכער בליק איז געווען פול מיט צער.

— לעבעדיקער אַ ביסל! — האָט גאַווריִלע אַ קאָמאַנדעווע געטאָן — מען קען דאָך ביי אייך שטאַרבן פון אומעט! נו, וואַסיל, וויַיז נאָר, וואָס דו קענסט נאָך דעם פערטן גלעזל!

וואַסיל האָט זיך נישט אָפּגערופן. אויפגעהויבן זיינע גרויסע, האַמעטנע דלאָניעס אַנטקעגן די אויגן און געקוקט אויף זיי אַליין נישט וויסנדיק וואָס ער טוט, דערנאָך שווער זיי געלאָזט פאַלן אויפן טיש, אַזש די פּוסטע טעלער אויף אים האָבן זיך אָפּגערופן. דאַן האָט ער זיך עפּעס דערמאָנט, זיך אויפגעהויבן, אַרויסגעשטופּט זיך פון הינטער דער באַנק און אַוועק אין אַ טאַנץ. ער האָט ווילדיונגעריש געטופּעט מיט די פיס, געזונגען וואַרפנדיק שעלמישע בליקן צו דער שיינער נאַדיען.

„ביי מיין שכן איז אַ פרייד,
אים איז גוט, ער האָט אַ ווייב.
און ביי מיר איז ווי און ווינד ,
איך האָב קיין ווייב נישט און קיין קינד" .

שעמעוודיק האָט נאַדיע געמאַכט אַ פּאָר טריט פאָרויס. אַ צעשמייכלטע, דעם שיינעם בלאָנדן קאָפּ געהאַלטן אַ ביסל אין אַ זייט, די הענט אויף די באַקעס, האָט זי אים אַנטקעגן געטאַנצט מיט אַן ענטפער אויף דער זעלביקער מעלאָדיע:

„כ'וועל דיר ענטפערן צוריק.
ער האָט מזל, ער האָט גליק.
און מיין ליבסטער זאָגט אַלץ ניין
וואַרט איך טרויעריק אַליין.

פּאָרל נאָך פּאָרל האָבן זיך אַריינגעצויגן אין טאַנץ. זינגענדיק, לייכט זיך געהויבן אין דער לופטן, קוים אָנגערירט די פּאָדלאָגע און אָפּגעשפּרונגען.

פּלוצלונג האָט אַ קלאַפּ געטאָן די טיר. דער טאַנץ האָט זיך איבערגעריסן. אין דערוואַרטונג אויף קאַטיען, האָבן אַלע זיך אַ קער געטאָן צו דעם אַריינגאַנג. אַריינגעקומען איז די אַלטע קיריאַקאָווע. קיינער האָט גאָר נישט באַמערקט, ווען זי איז אַרויס. איר אומעטיק, צעווינטיקט פּנים, האָט אויסגעזאָגט, אַז שוין גאַנץ לאַנג איז זי געשטאַנען אויפן וועג. דערזען זי אַזאַ צעוויטיקטע און שווייגנדיקע, האָט זיך דער עולם צערוקט פון מיטן שטוב, אַוועק צוריק אויף זייערע ערטער.

— וואָס זיצט איר אַלע ווי די הילצערנע? — האָט דער דיעדושקע זיך צעשריִען.

קיריאַקאָווע האָט געוואָרפן אַ בליק צום ליידיקן טיש. אָן אַ וואָרט איז זי צוגעגאַנגען צו דער פּאָליצע, אַראָפּגענומען דעם האַלבן לאַבן ברויט, וואָס איז געלעגן הינטערן פּאָרהאַנגל און גענומען שניידן פּענעצער. אירע הענט האָבן אויסגעזען געפּרוירן. דאָס מעסער איז איר אַרויסגעפאַלן פון האַנט, אַ קלאַפּ געטאָן אין פּאָדלאָגע און געבליבן ליגן אין צוויי טיילן.

די באַבעס האָבן זיך איבערגעקוקט. אַלע האָבן געוווּסט, אַז קיין גוטער סימן איז עס נישט. פּעטיאַ איז צוגעלאָפן, אויפגעהויבן פון דער ערד ביידע טיילן. — ס'איז גאָרנישט. אַן אַלט מעסער. שוין, ער איז שוין פאַרריכט. — האָט ער געזאָגט — און אַריינגעשטעלט דאָס קלינגל אין העלצל. קיריאַקאָווע האָט נאָך געפּרוווט ווידער שניידן און נישט געקענט. די האַנט האָט איר געציטערט. האָט זי אָוועקגעלייגט דאָס מעסער נעבן ברויט אויפן מיטן טיש. פון געוויינהייט אַ קלייב געטאָן די ברעקעלעך און אַריינגעשאָטן זיך אין מויל אַריין.

— עסט ווער עס וויל. עסט מיט קרויט — האָט זי געבעטן.

מען האָט ווידער גענומען צו ביסלעך.

— טרינק מיט מיר קיריאַקאָווע, קום אַהער — האָט גאַווריִלע זי גערופן. ער איז שוין געווען בגילופנדיק. איר געפאַלן אויפן האַלדז און שטיל געשעפּטשעט ווי אַ פאַרליבטער:

— זיי נישט טרויעריק, שכנה מיינע, שוועסטערל ראַדנאַיאַ, זי וועט קומען דיין קאַטיע. אין דער וועלט ווערט מען נישט פאַרפאַלן, ליבינקע. אומעטום אַלץ איינס... טשאָרט וואַזמי, דער זעלבער צער... אַלץ איינס... זי וועט קומען...

נאָכן אָנהייבן דאָס לעצטע פלעשל, האָט מען זיך שוין גאָר גוט צעוואַרעמט און ווידער אָנגעהויבן זינגען. געזונגען האָט יעדער פאַר זיך. גאָר נישט געלייגט קיין אַכט וואָס דער שכן האַלט שוין דאָס זעלבע ליד ביים סוף. פלוצלונג האָט גאַווריִלע אַ כאַפּ געטאָן פון וואַנט אַ באַלאַלייקע. אַ פאַרשיכורטער האָט ער געקוקט אַרום זיך. זיין בליק איז געפאַלן אויף אסתרן און אַ טרויעריק מידער געבליבן הענגען.

פאַר איר איז ער עס טאַקע געגאַנגען זינגען. עס האָט אים אַ צי געטאָן דאָס האַרץ, וואָס זי זיצט נעבעך אַזוי און טרינקט כמעט גאָר נישט. ער האָט איצטער באַנומען איר ביטערן גורל, אַזש טרערן זענען אים געקומען אין די אויגן.

„איך וועל שטאַרבן, איך וועל אויסגייק...‟

צאַרט און מיט אַ סך געפיל האָט ער פאַרצויגן. אין גרויסן טומל פון

נישט איינהייטלעכן געזאַנג, האָבן דאָך אַלע דערהערט זיין שטיל ליד און אַנט־שוויגן געוואָרן. דער ערשטער איז צוגעשטאַנען וואַסיל. ער האָט אָוועקגעלייגט זיינע ביידע שווערע הענט אויפן טיש, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און נישט געקוקט אויף קיינעם, זיך צעברומט מיט זיין טיפן באַס. ווי פון אַ וויטן הייל איז געקומען זיין קול.

נעבן אים האָט מען געהערט טאַטיאַנען. מיט אַ מאַמעשער ליבשאַפט האָט געגלעט איר שטים, פאַרוויגט ווי זי זאָל זינגען נעבן וויגעלע. ביי ביעלאָ־גלאַזעווען האָט דאָס ליד זיך באַקומען מיט רוגזה און פאַרדראָס. אָנגעשפּאַרט אָן פענצטער האָט מיטגעזונגען קלאַוודיע. אַ פאַרביטערטער שמייכל האָט זיך געקרימט אויף איר פּנים. זי איינע האָט באַמערקט, אַז וואָלאָדיע האָט אַרומ־גענומען מאַרוסיען. ביידע האָבן זיי געזונגען איינער פאַרן אַנדערן, געוויגט זיך צום ריטם. ביידע פאַרנומען מיט זיך, ווי חוץ זיי וואָלט קיינער מער נישט עקסיסטירט נישט נאָר דאָ, נאָר אויף דער גאַנצער וועלט.

דער דיעדושקע האָט צוגעשפּילט אויף דער באַלאַלייקע. מיט באַוועגונ־גען און גרימאַסן געסטאַרעט זיך נאָך אומעטיקער אַרויסצוברענגען דאָס ליד:

אין דער פרעמד און אַליין,
אין דער פרעמד און אַליין.
ניט וויסן וועט קיינער,
ווו עס ליגט מיין געביין.

קיריאַקאָווע איז ווידער געקומען פון דרויסן. זי האָט דערפילט, אַז די „הוליאַנקע" גייט גאָר גוט. געוועזן איר צום האַרצן. זי האָט אויפגעהערט אַרויס־קוקן צום וועג, נאָר אַ היץ האָט איר באַגאָסן. האָט זי אָן עפן געטאָן די טיר און אַוועקגעזעצט זיך אויפן שוועל. זי האָט געשאָקלט זיך צום ריטם און גע־שעפּט נחת פון איר אויפטו. אירע ליפּן האָבן זיך באַוועגט, געקרימט. שווער געווען צו דערקענען: זאָגט זי עפּעס, אָדער זי וויינט. דאָס געזאַנג האָט ווי אַלע־מען אויך איר צעגומען. יעדער האָט אַליך מער און מער זיך אַריינגעלעבט אין זיך אַליין. געוואָלט דורכקומען מיט זיין אייגענעם גורל. איינער האָט אים געטאַדלט, אַ צווייטער — אַרויסגעוויזן מיטלייד. עמעץ האָט אים געוואָלט דערשרעקן, עמעץ — באַרויקן. טאַטיאַנע האָט אים געפּרוווט איינשלעפערן ווי איר אייגן קינד. דער טרויער האָט אָבער אַזוי הפקרדיק זיך צעשפּילט, אַזש די נשמה האָט געצאַפּלט, ווי זי זאָל וועלן זיך אַרויסרייסן אַ באַפרייטע פון גוף און זיך אַוועקלאָזן וויט, וויט צוזאַמען מיטן פאַרבענקטן געזאַנג.

## ווינטן

אויף מיין קבר, קיין מענטש
וועט ניט קומען אוי וויי,
וועט ניט קומען אוי וויי.
מיט זון־אויפגאַנג וועט טרילען
דער סאָלאָוויי.

דאָס געזאַנג האָט געיערט, געשפּאַרט אויף די ווענט, אויף די שייבלעך. דורך דער אָפענער טיר זיך געגאָסן אין דרויסן און מיטן ווינט געצויגן אין אָפענעם סטעפּ אַרויס.

מיט אַ מאָל האָט דער דיעדושקע אַ זעץ געטאָן אין טיש, אַז אַלע האָבן אויפגעציטערט.

— אַזוי ברידערלעך, שוועסטערלעך ליבינקע, דאָס הייסט געזונגען! זיס, געשמאַק געוועזן! — אַ צופרידענער, ווי דאָס גרעסטע גליק וואָלט פּונקט אים געטראָפן, האָט ער זיך פאַרקוקט אויף אסתרן. זי איז געזעסן ווי אַ נישטדאָיקע. האָט ער אַ כאַפּ געטאָן זיין באַלאַלייקע און געשטופּט איר אין האַנט אַריין.

— שפּיל, סטעראַ, שפּיל! — האָט ער זי געבעטן — ביסט נישט געוווינט צו טרינקען טאָכטער. ניין האַרציקע, עס איז נישט דיין געוווינהייט. אָבער שפּילן... דאָס איז עפּעס אַנדערש. לאָמיר ביידע שפּילן. זאָגען מיר דען ערגער פון אַלע? ער האָט פון ערגעץ אַהער געשלעפּט נאָך אַ באַלאַלייקע און פּאַטער־לעך איר איינגעשמועסט: שפּיל טאָכטער... הייב בלויז אָן... וועסט זען ווי גוט עס וועט דיר ווערן... מען מוז דאָך קינד... מען מוז דאָך פאַרטרייבן די בענקעניש, מען קען זיך דאָך קאָנטשען ביי איר אין די הענט... שפּיל סטעראַ ראַדנאַיאַ...

אסתר האָט געקוקט אַרום זיך אין פאַרלעגנהייט. ווידער האָט זי זיך באַ־געגנט מיט פּעטיאַס בליקן. פול מיט נייגער, האָט ער פון איר נישט אַראָפּגע־נומען קיין אויג.

עס האָט שוין געטונקלט. דער האַרבסטיקער אָוונט האָט געקילט די ביי־נער, ווען די געסט זענען צוואַרעמטע מיט שיכורע טריט געגאַנגען צו זיך.

קיריאַקאָווע האָט אַ שווערע זיך אויפגעהויבן פון שוועל און אַרויס אין דרויסן די קעלט האָט איר אויסגעטשוכעט און אויפגעוועקט דעם ווייטאָג אין איר. זי האָט שנעל איבערגעבונדן דאָס טיכל ביים האַלדז און געלאָזט זיך גיין מיטן וועג. מען האָט קיינעם נישט געזען. דער ווינט האָט געפייפט און געשטויסן צוריק. פון גאָר ווייט האָבן געמיניעט די פלעמלעך אין די קאַזאַ־כישע אַאולן. אסתר האָט לאַנג נאָכגעקוקט קיריאַקאָווען. ענדלעך פאַרנומען זיך מיטן גאָרטן אַהיים. אויף דער זייט פון גאַס איז געווען טומלדיק. דער

יונגער עולם האָט זיך פֿאַרהאַלטן נעבן נאַדיעס שטוב. אַנדריושע איז צוגעקו־
מען און געשפּילט אויף דער האַרמאָשקע.

— סטעראַ, קום מיט אונדז! — האָט נאַדיע גערופֿן.

— איך קען נישט — האָט אסתר געענטפֿערט, דערנענטערנדיק זיך צו
זיי — איך מוז גיין אַהיים. זי האָט זיך אויף אַ רגע פֿאַרהאַלטן און ווידער
האָט זי באַמערקט פּעטיען. אַ ביסל אָפּגעזונדערט פֿון עולם איז ער געשטאַנען
אָנגעלענט אָן פּלויט, זיין קאָפּ אַראָפּגעבויגן האָט ער דורכדרינגלעך געקוקט
אויף אסתרן מיט דער גאַנצער חוצפּה, ווייל אַזוי וויל ער. זי האָט אַראָפּגע־
לאָזט די אויגן צו ד׳ערערד.

— אַ צווייטן מאָל, היינט קען איך נישט — האָט זי געזאָגט — איך אייל
זיך, אַ גוטע נאַכט.

זי איז שנעל געלאָפֿן אַהיים. קוקט ער מיר נאָך אַלץ נאָך? — האָט זי
געוואָלט וויסן — אָבער זיך נישט אומגעדרייט. זי האָט געפֿילט, אַז דאָס פּנים
פּלאַמט איר.

יענע נאַכט איז די אַלטע קיריאַקאָווע לאַנג געזעסן אויפֿן שוועל און גע־
קוקט אויפֿן סוף פֿון איר הוליאַנקע.

אויף מאָרגן גאַנץ פֿרי איז זי אַריין אַנטקעגן, צו גאַוורילען.

— הערסטו, שכן, זי איז טאַקע נישט געקומען.

ער האָט זי טרויעריק אָנגעקוקט און געשוויגן. זיין ווייב האָט אַרויסגע־
רוקט דעם קאָפּ פֿון נעבן אויוון. דערזען קיריאַקאָווען אַזוי איינגעבראָכן, האָט
איר אָפּגענומען דער שטענדיקער חשק צו ווערן זיין גערעכט.

— וועסט טרינקען אַ גלעזל קיפּיאַטאָק, שכנטע?

— ניין, איך וועל מיך לאָזן אין ראַיאָן.

— עס איז מאָנטיק. קיין געלעגנהייט וועסטו היינט נישט האָבן — האָט
גאַוורילע זיך אָפּגערופֿן — וואַרט שוין צו אויף סוף וואָך. אַלץ איינס וועסטו
גאָר נישט קענען אויפֿטאָן.

— איך קען נישט איינזיצן. דאָס האַרץ ציט. כ׳וואָלט שוין וועלן זיין
דאָרטן. איך וועל שפּאַנען די בהמה און גיכער לויפֿן אַהין.

— שפּאַנען די בהמה און לויפֿן... — האָט דער אַלטער פֿאַרזאָרגט איבער־
געחזרט — ביז וואַנען וועסטו זיך פֿאַרשלעפּן מיט דער בהמה?... — ער האָט
אָפּגעהאַקט און מער גאָר נישט געזאָגט. איז קיריאַקאָווע געשטאַנען אַ ווײַלע
און אַוועק.

— זעסטו שוין, אַז איך בין געווען גערעכט — האָט גאַוורילעכע זיך אָפּ־
גערופֿן, ווען די טיר איז שוין געווען פֿאַרמאַכט — איך האָב דיר געזאָגט, אַז

אין מיכײַלאָווקע האָט פּיעטראָוו דערציילט, אַז עס איז נישט גלאַט, מען וועט נאָך קאַטיען אַרעסטירן, און דו...

— געזאָגט, גערעדט, געזאָגט — האָט דער דיעדושקע איר אומגעדולדיק נאָכגעקרימט.

באַלד איז געקומען קיריאַקאָווע אָנגעטאָן אין איר פּופּייקע, אַ באָרוועסע. פון צוזאַמענגעבונדענעם פּעקל אין אַ קאָפּ־טיכל, האָבן אַרויסגעקוקט אירע שיך.

— שכנטע — האָט זי געבעטן גאַוורילאָווען — איך גיי צו פוס. איך וועל צוגיין ביז מיכײַלאָווקע. אויב פון דאָרטן וועט עמעץ פאָרן, וועל איך מיך מיטכאַפּן. אויב נישט, וועל איך גיין ווייטער. גיב אַכטונג אויף מיין בהמה. וועסט זי מעלקן, איך וועל גיך צוריקקומען. זי האָט זיך פאַרנומען אין וועג.

— גיי געזונט און גאָט זאָל העלפן — האָט דער דיעדושקע הויך געזאָגט און אַרויס נאָך איר. אויך גאַוורילאָווע איז אַרויס צום וועג. זענען זיי געשטאַנען און איר נאָכגעקוקט ביז זי האָט זיך פאַרנומען צום ברייטן שליאַך.

— און דו האָסט געשריִען אויף מיר. איך האָב געזאָגט אַז...

— געזאָגט, געזאָגט, חכמה מיינע. ס'איז דער גורל פון מענטש, בהמה וואָס דו ביסט. פאַר דער טאָרבע און פאַר דער טורמע, קען מען זיך נישט באַוואָרענען...

# קאַפּיטל VII

אסתר איז נאָך געלעגן האַלב אין שלאָף, ווען אין שטוב האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער טאָג. זי האָט געהערט דאָס קנאקן פון האָלץ אין קיך־אויוון. הייזעריקע רייד פון ניכטערן האַלדז, האָבן איר געוועקט און געריסן דעם שלאָף אויף שטיקער. נאָר וואָס האָט חנה גערעדט ביים פענצטער און אין אַ ווײַלע אַרום איז איר קול געקומען פון קיך.

— ווײַ, ווײ איז מיר — האָט זי געקלאָגט — די קינדערלעך וועלן פאַר־טריקנטע אַוועקגיין אין „שקאָלע". אַזש פון טייך האָבן זיי נעכטן, נעבעך, גע־שלעפּט דאָס וואַסער. איך האָב אַזוי גוט צוגעדעקט דעם עמער, אַרומגעבונדן אים און ווידער זענען אָנגעקראָכן פול טאַראַקאַנעס!

— איז וואָס וועט געשען? — האָט אַגאַפיע געלאַכט — זיי וועלן דיר אויפ־עסן די טאַראַקאַנעס? וואַרף זיי אַרויס און שטעל צו קאָכן! וואָס קוקסטו אין פענצטער? ווו ווערסטו איצטער גיין אין דער פינצטער זוכן פריש וואַסער? דער ברונעם איז פאַרפרוירן. אויפן „קוביש" צום פּראָרוב איז אויך נישט צוצו־קומען. אַנו, וואָס שטייסטו? דאָס פייער אין אויוון וואַרט נישט, עס ברענט אויס!

מיט אַ מאָל האָט אסתר דערהערט אַ שטאַרקן קלאַפּ מיט דער טיר. אַ פראָסטיקע קעלט האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין שטוב צוזאַמען מיט אַ רעדערײַ:

— פּאָליאַטשקע!... פּאָליאַטשקע!... ווו איז די פּאָליאַטשקע?... היי פּאָ־ליאַטשקע!

האַלב נאָך אין שלאָף האָט זי געזען, אַז צווישן די געלעגערס, וואָס זענען געווען געדיכט אָנגעשטעלט, האָט זיך געשאַרט אַ טונקעלע געשטאַלט פון אַ מאַן. אַ בלייכער פּאַס שיין איז געפאַלן פון קיך־אויוון אין פינצטערן צימער אַריין, באַלויכטן זיין גרויסע וואַטאָווע היטל, און זיין באָרד, וואָס איז געווען באַהאָנגען מיט שמאָלע אייז־ליכטלעך. זיי האָבן זיך געצויגן נידעריק אי־בער די קודלעס פון פעלץ. זיינע הענט האָבן געזוכט פּאָרויס, געטאַפּט אַ דורכגאַנג. ער האָט אין גאַנצן געפינקלט מיטן ווייסן פראָסט אין דער פינצטער.

זי האָט זיך געריסן פון איר שלעפעריקייט, געוואָלט זיך אַליין איינשמועסן,

אַז זי חלומט. נאָר נעבן איר איז שוין געשטאַנען אַכמעטאָוו פון נאָענטן אַאול. זיין פּאָרציע טאַבאַק האָט ער געהאַלטן אונטערן צונג און געשריִען מיט אַ האַלב פאַרמאַכטן מויל.

— היי, דו שלאָפסט? שטיי אויף!

— אַכמעטאָוו, וואָס ווילסטו?

— פּאָליאַטשקע, — האָט דער קאַזאַק געפרעגט סודותפול — אַ העמד האָסטו?

— ניין.

— נישט קיין מוזשיסקע, נישט קיין דאַמסקע?

— ניין.

— איז וואָס האָסטו? „שיי" האָסטו?

— ניין, איך האָב נישט.

— נישט קיין „קירפּיטשנע" און נישט קיין געווײנטלעכע?

— ניין, — האָט אסתר נאָך אַלץ גערעדט אַ פאַרשלאָפענע.

דער קאַזאַך האָט זיך איינגעבויגן איבער איר געלעגער. אַ גערוך פון טאַבאַק האָט אַ שלאָג געטאָן גלייך איר אין פּנים אַריין צוזאַמען מיט די פּאָר ווערטער:

— איך האָב געבראַכט האַלץ!

אסתר איז וואַך געוואָרן. זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אַנטקעגן די ווייסע פאַרפרוירענע שויבן און אָנגעקוקט אַכמעטאָוון ווי זי וואָלט אים נאָר וואָס דערזען.

— אַ סך האַלץ האָסטו געבראַכט? — האָט זי נייגעריק געפרעגט.

— זאָג וואָס דו האָסט! — האָט דער קאַזאַך גערעדט סוחריש. — קיין סך פאַר איין מאָל קען מען נישט ברענגען. אויב ס'וועט ווערט זיין וועל איך ברענגען נאָך אַ מאָל. מען קען מיך נאָך כאַפּן... פאַרשטייסט? איך האָב עס גוט איינגעדעקט. ווען איך בין אַרויסגעפאָרן פון אַאול איז נאָך געווען נאַכט... שטאָק פינצטער געוועזן... נו, רעד גיכער, וואָס האָסטו?

— גאָר נישט אַכמעטאָוו, איך קען ביי דיר גאָר נישט קויפן. — האָט אסתר גערעדט מיט באַדויער — אַלץ וואָס איך האָב געהאַט, האָב איך שוין אויסגעביטן...

— איז נישט. דאַרף מען נישט. פריר אָן האַלץ! וועט אַ צווייטער קויפן...

דער קאַזאַך האָט מיט געמאַכטער האָפערדיקייט אַרויסגעאיילט פון שטוב. אַוועקגעלאָפן זוכן אַ בעלן, אַזוי לאַנג ווי ס'איז נאָך טונקל.

אסתר האָט זיך גיך אָנגעטאָן און אַרויסגעלאָפן אין גאַס. זי האָט געוואָלט זען ווי זעט אויס דאָס פורל האַלץ, ווי אַזוי האָט ער עס איינגעדעקט, ווייל מאָרגן

פּאַרט זי אַליין אין וואַלד ברענגען האָלץ. דער בריגאַדיר האָט איר צוגעזאָגט געבן אַ בייק. זי איז געשטאַנען און געציטערט פאַר קעלט. דער קאַזאַך האָט געלאָזט שטיין דאָס פערד, צוגעגאַנגען צום ראַג גאַס און געפּאָרשט אין אַלע זייטן, צי מען זעט נישט קיינעם. ער האָט זיך נאָך אייניקע מאָל אומגעדרייט צו איר, געוואַרט זי זאָל אים צוריקרופן און ענדלעך פאַרשוווּנדן.

— ער שרעקט זיך — האָט אסתר געטראַכט. — און אויב מען כאַפּט מיך מאָרגן מיט דעם האָלץ? עס איז דאָך אַזוי שטרענג פאַרבאָטן צו האַקן דעם וואַלד. דאָך — האָט זי זיך געטרייסט — פון אַלע קוימענס יאָגן איצט רויכן. אין יעדן אויוון איז פאַראַן האָלץ. זעלטן ווען מען כאַפּט עמעצן... די היגע דאָ, די דאָרפישע, פאַרקוקן דערויף. סיידן עס זאָל חלילה אָנפאַרן עמעץ פון ראַיאָן...

אויף מאָרגן פרי האָט אסתר געבראַכט פון דאָרף־באַזע דעם בייק. זי האָט אים צוגעבונדן צום טויערל און געקוקט אין זיינע גרויסע אויגן. ער איז געבליבן שטיין מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ און אויסגעזען טרויעריק. זי האָט זיך דערפילט אָפּהענגיק אָן דער גרויסער שטומער חיה. געגלעט די פעל און נישט געוווּסט ווי אַזוי צו ווערן מיט אים חבר. וועט ער כאָטש וועלן גיין? — האָט זי געטראַכט — וועט ער איר פאָלגן?

חיימל, חנהס יינגל, וועט מיטפאָרן אין וואַלד, העלפן זעגן די ביימער. די מאַמע האָט אים איינגעוויקלט אין איר גרויסן פעלץ, עטלעכע מאָל האָט זי אָנגעזאָגט סיי אים, סיי אסתרן: — „איר זאָלט למען השם היטן די זעג מיט דער האַק, זיי קענען זיך, חלילה, אַראָפּגליטשן פון שליטן! געדענקט, אַז ס׳וועט ווערן קאַלט, זאָלט איר לויפן, נאָר לויפן!"

שויך, מען רירט שוין אין וועג.

— צאָב! — האָט אסתר אויסגערופן און אַ פאָכע געטאָן מיט אַ טרוקענעם צווייג אין דער לופטן.

דער בייק שטייט, רירט זיך נישט פון אָרט.

— צאָב!... צאָב!... האָט זי זיך צעשריען נאָך העכער מיט אַ בעטנדיקער שטים.

דער בייק האָט זיך פויל אַ ריר געטאָן פון אָרט, אַ צי געטאָן דעם שליטן נאָך זיך, אָבער פאַרנומען זיך אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. אַוועק פונקט אַהין פון וואַנען זי האָט אים פריער געבראַכט.

— ער אַנטלויפט! — האָט אסתר הויך געשריען, פאַרצווייפלט. זי איז אים פאַרלאָפן דעם וועג. ער האָט זי אָבער אויסגעמיטן און גיך געשפּאַנט פאָרויס. זי האָט נישט אָפּגעלאָזט דאָס ציימל, נאָכגעלאָפן נאָך אים וווהין ער איז געגאַנגען און געבעטן זיך ביי אים הויך מיט אַ וויינענדיק קול:

— אָבער שטיי!... אָבער צאָב!... צאָב... צאָבאַ...

אויף איר געשריי איז אַגאַפּיע אַרויס פון כאַטע, זיי אָנגעיאָגט. מיט אַ שמייכל אַרויסגענומען דאָס ציימל פון אסתרס האַנט. דער בייק האָט זיך אָפּ־געשטעלט.

— נו, צאָב, אין דיין מאַמען, געגאַנגען! — האָט זי רויק געזאָגט.

דער בייק האָט אַראָפּגעלאָזט זיין גרויסן קאָפּ, אַ הייב געטאָן די פיס, אַז דער שניי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אַרום אים, און מיט רעגלמעסיקן טראָט, אַוועק אין ריכטיקן וועג.

אסתר האָט איבערגענומען דאָס ציימל און געשפּאַנט פאָרויס. חיימל איז געזעסן אויפן שליטן. פאַרנומען זיך אין אַ זייט פון דאָרף, האָט זי נאָך געוואָרפן אַ בליק אַהינטער. חנה איז נאָך געשטאַנען ביים טויערל און מיט די הענט פאַרשטעלט זיך די אויגן פאַר דער בלענדנדיקער ווייסקייט, געהויבן זיך אויף די שפּיצן פינגער און זיי נאָכגעקוקט. גאָר גיך האָבן זיי געהאַט דעם דאָרף הינטער זיך.

די זון האָט ווינטערדיק געשיינט איבערן בלישטשנדיקן שניי. פּראָסטיקע זיילן אין רעגנבויגנדיקע פאַרבן, האָבן זיך געצויגן פון שניי צום הימל. זיי זענען צעשוווּמען ערגעץ אין דער אומענדלעכקייט און פון דאָרטן ווידער אויפ־געקומען איבער דעם שנייאיקן מדבר. אַרום איבער דער גאַנצער שלוהדיקער ווייט, קיין סימן פון לעבן.

נאָך לאַנגן טאָפּטשען אין טיפן שניי, האָבן זיי ביים זייט פון פאַרשאָטענעם וועג, דערזען אַ קאַזאַכישן אַאול. קליינע, ווייסע בערגעלעך זענען געשטאַנען איינס נעבן צווייטן. יעדעס בערגל האָט זיך געגרויכערט. די רויכן האָבן זיך געצויגן גלייך. קיין ווינטעלע האָט זיי נישט באַוועגט, האָבן זיי געשלענגלט אַרויף, שיטערער געוואָרן און צעגאַנגען אין דער לופטן.

— שוין אַזוי שפּעט און זיי הייצן נאָך איצט אין די לעפּיאָנקעס. — האָט חיימל באַמערקט.

פון אַ הויפל האָבן זיך אַ שאָט געטאָן עטלעכע שוואַרצע, באָפּעלצטע קינ־דער. זיי האָבן עפּעס נאָכגעשריִען, זשעסטיקולירט מיט די הענטלעך און מיט אַ געלעכטער פאַרשוווּנדן הינטער אַ פאַרשנייטן טויערל. אַ הונט האָט זיך ער־געץ געריסן אויף אַ קייט, לאַנג זיי נאָכגעבילט. ביז זיי האָבן פאַרלוירן זיין געשריי צוזאַמען מיטן אַאול.

ווידער פּוסט פאַר זיי. דער בייק האָט לאַנגזאַם געהויבן און צוריקגע־שטעקט די פיס אין שניי, ווי ער וואָלט אַזוי געשפּאַנט פון אייביק ביז אייביק.

— ס׳איז דיר קאַלט, חיימל?

— אַ ביסל.

— דאַרפסט אַראָפּגיין. וועסט פֿאַרפֿרוירן די פֿיס! לויף אַ ביסל נאָכן שליטן, עס איז נאָך ווייט צום וואַלד.

— נישטאָ זיך וואָס צו איילן. — האָט חיימל גערעדט ווי אַ גרויסער, קריכנדיק פֿון שליטן — מיר מוזן דאָך צוריקקומען פֿאַר פֿינצטער... מען זאָל אונדז נישט כאַפּן מיטן האָלץ.

ענדלעך האָבן זיי דערזען אַ טונקעלן פֿלעק. צוגעקומען צום וואַלד. ווי אַ געהיימניש שטייט ער אין ווייסן מידבר. פֿאַרגליווערטע שטייען די הויכע, גלייכע ביימער. יעדער קרוין באַזונדער, האָט זיך געצויגן הויך, הויך און געבליבן שטיין פּנים אל פּנים מיטן פֿראָסטיקן הימל, מיט צווייגן שווערע, באַלייגטע מיט שניי. שטיל. קיין שאָרך, קיין ריר. קורצע גלייך אָפּגעזעגטע שטאַמען, סטערטשען צווישן די ביימער, ווי מצבֿות איינגעהילטע אין בית־עולמדיקער שטילקייט.

זיי האָבן צוגעבונדן דעם בייק צו אַ בוים. גענומען די זעג מיט דער האַק און אַריין אין וואַלד. וואָס טיפֿער זיי זענען געגאַנגען, אַלץ טיפֿער די שטיל־קייט. יעדער טראָט, יעדער ריר האָט געמסרט. זיי האָבן געקוקט אַרום, גע־שראָקן זיך גיין פֿאָרויס און געבליבן שטיין.

— איך האָב מורא — האָט חיימל שטיל געזאָגט.

— פֿאַר וועמען? — האָט אסתר געפֿרעגט און זיך אַרומגעקוקט. — נו, חיימל, ביסט דאָך אַ גרויסער. מיר נעמען זיך צו דער אַרבעט! אָט, א דעם בוים!

— אָבער, אסתר, רעדט שטילער, מיר דוכט, אַז עמעץ שטייט הינטער אַ בוים. זעט אונדז. איז קיינער נישטאָ אין וואַלד?...

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן — האָט אסתר געזאָגט שטיל. — שטעל זיך דאָ... צי די זעג... גלייכער... פֿעסטער...

דאָס זעגן האָט געסיקעט הויך... שווער... געטראָגן זיך פֿון בוים צו בוים... אַ טומל געוואָרן אין שטילן וואַלד... דער בוים האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, אַ צי געטאָן זיך פֿאָרויס און שווער אומגעפֿאַלן. די קרוין האָט זיך איינגעגראָבן אין טיפֿן שניי. צווייגן האָבן זיך אויפֿגעשטעלט דובאָם, געקוקט צום הימל אַרויף און געשאָקלט זיך הין און צוריק. בלויז אַ שטיק קאָרע האָט פֿאַראייניקט דעם איבערגעזעגטן בוים, וואָס האָט אַרויפֿגעקוקט מיט דעם פֿרישן, נאַ־קעטן האָלץ, ווי מיט אַן אָפֿענער וווּנד אויפֿן וואַלדיקן גוף.

אסתרן האָט אָפּגעגאָסן אַ שווייס. אַזוי לאַנג איז זי שוין אויף סיביר. אומזיסט האָבן אירע אויגן געבענקט, געזוכט אין די סטעפּיקע ווייטענישן אַ היימישן בוים. איצט איז ער געלעגן אַן אָפּגעזעגטער, געציטערט מיט זיינע נאָך לעבעדיקע צווייגן און זי איז געשטאַנען נעבן אים מיט דער האַק, געסאָ־פּעט שווער און דערשוויצט.

זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן שניי.

— אסתר, מיר מוזן זיך איילן! — האָט חיימל געזאָגט — עס ווערט גיך נאַכט!

זי איז געזעסן און געשוויגן.

— אסתר, איך האָב מורא! איך האָב מורא פאַר וועלף!

— וועלף?... — האָט זי געשמייכלט צו באַרויקן חיימלען. זי האָט אָבער דערזען אַ שאָטן באַוועגן זיך הינטער אַ בוים. אַ טרוקן צווייגל האָט אַ קנאַק געטאָן פון פראָסט, זיך אָפּגעבראָכן און אַראָפּגעפאַלן. „וועלף“, האָט עס אין איר געציטערט. זי האָט זיך שנעל אַ הייב געטאָן פון אָרט.

— וואָס קוקט איר דאָרט אַהין, אסתר?

— גאָר נישט, חיימל, מיר מוזן זעגן די ביימער... אָט יענעם בוים... זאָגסט... דו זאָגסט עס ווערט שפּעט...

זיי האָבן שנעל גענומען אַרבעטן. געזעגט מיט אימפּעט... געיאָגט... עס איז געפאַלן בוים נאָך בוים... דער וואַלד האָט זיך צעקרעכצט... עס האָט געבראָכן... געקראַכט... צוזאַמען מיט אַ שווערן סאָפּען, האָט די זעג געסיקעט... געשניטן מיט די ציין... געצויגן זיך גלייכער... שנעלער... פעסטער... אַ פּלאַץ געטאָן און זיך צעבראָכן.

שטיל איז געוואָרן אין וואַלד. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט.

— וואָס וועט מען איצטער טאָן? — האָט חיימל געפרעגט אַ בלייכער.

אסתר האָט גאָר נישט געענטפערט. געקוקט אויף אים, אויף דער צעבראָכענער זעג. זי האָט געזען די ביימער אַרום איר, זיי זענען געלעגן ווי נאָך אַ שלאַכט, איינגעגראָבן מיט די קעפּ אין שניי.

— נו, פאַרפאַלן, חיימל, מיר מוזן אַרומהאַקן די ביימער, אַרויפלייגן זיי אויפן שליטן און פאָרן אַהיים! אַהיים... — האָט זי שטיל איבערגעחזרט. — שטיי, וואַרט חיימל, איך קום גלייך! — זי איז אַרויסגעלאָפן פון וואַלד.

אַ שטומער אָוונט איז געלעגן אויפן ווייסן שניי. זי איז געשטאַנען ביים ראַנד. ערשט האָט זי דערזען, אַז אַ סך טריט פון פאַרשידענע זייטן סטעפּ, פירן צום וואַלד. פיל טריט פון בייקן, שוואַכע צייכנס פון שליטנס. אָבער ווו איז דער וועג אַהיים?...

— אסתר! — האָט חיימל גערופן פון וואַלד אַרויס.

זי איז שנעל געלאָפן צוריק. גיך האָבן זיי געהאַקט די צווייגן. געשלעפּט די קלעצער אויפן שליטן אַרויף. געבויגן זיך אין דרייען. לויפנדיק נאָך יעדן קלאָץ האָט חיימל זיך געבעטן:

— קומט שוין, עס וועט זיין גענוג האָלץ... זאָלן בלייבן די פּאָר ביימער. מיר וועלן קומען אַ צווייט מאָל און זיי נעמען אָפּגעזעגטע... איך האָב מורא.

איך האָב מורא פאַר... — ער האָט זיך אַרומגעקוקט — עס איז נאָך אַזוי ווייט אַהיים!

— גוט, זאָל זיין ווי דו ווילסט, אָבער שרעק זיך נישט. מיר פאָרן שוין אַהיים.

זיי האָבן אַרומגעבונדן די פאָרביימער. אַריינגעשטעקט צווישן שטריק די האַק, די צעבראָכענע זעג און אַרויס פון וואַלד.

— נו, און דעם וועג אַהיים ווייסטו, חיימל?...

— ניין, און איר? איר ווייסט נישט דעם וועג, אסתר? איר ווייסט נישט?

— אַוודאי ווייס איך... אַפילו דער בייק ווייסט אויך דעם וועג!

זי האָט עס אומגעריכט פאַר זיך אַליין אַרויסגעזאָגט און געלאָזט דעם בייק גיין ווו ער וויל. זי האָט אים אָנגענומען לייכט ביים ציימל, געגלעט זיין פעל, אים געקוקט אין זיינע גרויסע, אומעטיקע אויגן און געטראַכט מיט שרעק: „גייט ער מיטן וועג? וועט ער זיי נישט פאַרשלעפּן צו דער באַזע אין ווייטן סטעפּ?"

דער בייק האָט געשאָקלט מיטן גרויסן, טונקעלן קאָפּ איבערן ווייסן שניי, געהויבן זיינע שווערע פיס, געשלעפּט זיך בהמיש רויק. ער האָט פּאַמעלעך גערוקט זיך פאָרויס.

אַרום האָבן זיך די ווייטן פאַראייניקט מיטן טונקעלן הימל. אין דער הויך איבער זיי זענען אויפגעקומען קליינע, בלייכע שטערנדלעך, אָבער פון דער ווייט, איבערן וואַלד האָבן זיי געבלישטשעט מיטן שיין פון וועלפישע אויגן... אין שטערן האָט אַ שפּרונג געטאָן, געביטן זיין אָרט. אַ פייערדיקער שטריך האָט אין אויגנבליק זיך געצייכנט נאָך אים און ערגעץ איז ער איינגעפרורן.

זיי זענען שטיל נאָכגעלאָפן נאָכן שליטן. אַ שוויס האָט זיי דורכגענומען אין דער פראָסטיקער נאַכט. פּלוצלונג האָט זיך חיימל צעשריִען:

— אסתר! אסתר! די ווינט־מילן!... מיר זענען נאָענט פון דאָרף!

אויך זי האָט דערזען די שוואַרצע פליגלען פון דער ווינט־מיל. זיי זענען געשטאַנען שטומע, אומבאַוועגלעכע, ווי צוגעפרוירענע.

אַנטקעגן זיי האָט זיך געטראָגן אַ טונקעלע געשטאַלט. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט... געפאָרשט אין דער פינצטער... האָט מען זיי געכאַפּט?...

עמעץ איז געקראָכן טיף אין שניי, געבויגן זיך, געוויגט זיך אין דער ברייט, געבליבן שטיין, און באַלד געלאָזט זיך לויפן זיי אַנטקעגן.

דאָס איז חנה אַ פאַרפרוירענע אומגעקראָכן אויפן פאַרשאָטענעם וועג און אויסגעקוקט מיט שרעק. זי איז אַרויפגעפאַלן אויף חיימלען, געקושט אים, גע־טאַפּט אים דאָס פּנים, די הענט.

— גאָט צו דאַנקען, אַבי איר זענט דאָ — האָט זי געוויינט — פאַר וואָס קומט דאָס אונדז?

חנה איז נאָכגעגאַנגען נאָכן שליטן און שטיל געטענהט. זי האָט זיך געשאָקלט, געהויבן די הענט אין דער הייך און געכליפּעט ווי זי וואָלט געגאַנגען נאָך אַ טויטן.

— געמיינט איר האָט, חלילה, פאַרבלאָנדזשעט... דעם ערשטן מאָל אין וואַלד... אַ דאַנק און אַ לויב דיר גאָט!

מען איז פאַרפאָרן אויפן הויף, אַראָפּגענומען דאָס האָלץ. לאַנג איז אסתר געשטאַנען און נישט געקענט זיך רירן פון אָרט. זי האָט געהערט ווי חנה, מיט דער זעג אין האַנט, האָט אין געוויין, איבערגעחזרט: „אַזאַ היזק, אַזאַ היזק!" און געזען ווי אַ נישט דערהאַקטער צווייג האָט זיך נאָכגעשלעפּט אין שניי נאָכן נאַקעטן בוים.

# קאַפּיטל VIII

די זון רוקט זיך פּאַמעלעך אַרויס פון דאָרף. טוט נאָך אַ לעצטן שיין אויף די דעכער פון די באַזעס און קייקלט זיך אַראָפּ הינטער די ווייץ־פעלדער.

אויפן וועג רוקט זיך אַרויס דער אַלטיטשקער אַכמעטאוו. אַ גאַנצן טאָג איז ער געווען אין זיין אויפגעלעפּעטן שאַלאַס. די פיס אונטער זיך, איז ער געזעסן אויף דער ערד ביים קיילעכדיקן טישל. מיט ציטערנדיקע פינגער געבראָכן די „פּישקע". געלייגט אין אָנצייניקן מויל און פאַרטרונגען מיט „שײַ". אָפט איז צוגעקומען אַ שכן, שטיל זיך צוגעשלייכט צום טישל און אַראָפּגעלאָזט זיך נעבן אים אויף דער ערד. האָט אַכמעטאָוו אָנגעגאָסן פון סאַמאָוואַר אַ טעפּל טיי און מען האָט צוזאַמען געטרונקען. אַ גאַנצן טאָג איז מען אַזוי אָפּגעזעסן. שטיקלעכווייז געלייגט דאָס פּלעצל אין מויל אַריין, פאַרטרונקען מיט טיי און „קאַלאַקאַיעט".

ווי אַ האָן דערפילט דאָס אָנקומען פון טאָג, דערפילט אַכמעטאָוו אין טונ־קעלן שאַלאַס, אַז די זון איז שוין אַוועק. ער שטעלט זיך אויף, קוים ער האַלט זיך אויף זיינע קרומע פיס. אַ קרעכצנדיקער שאַרט ער זיך אַרויס פון הויף. זיינע אויסגעלאָשענע אויגן אין געל צעקנייטשטן פּנים, חידושן אין דער ליכ־טיקייט. אויפן קאָפּ טראָגט ער זיין אויסגעהאַפטענע טשיביטשייקע, וואָס האָט אַמאָל געהאַט אויף זיך פיל בונטע פאַרבן. שוין אַ סך זומערן האָט זי דורכגע־לעבט. אַן אָפּגעקראָכענע פון דער זון, האָט זי איצט אָנגענומען די פאַרב פון זייך שיטער, גרויע בערדל.

אַכמעטאָוו ציט אויס דאָס בערדל פאָרויס, טוט זיך אַ קראַץ פון אונטן ביים האַלדז און פאַרגייט זיך אין אַ קרעכצן:

— איי, איי, איי אָט אַ חמימה געווען, דעם אָטעם נישט אָפּצוכאַפּן. אָט אַ היץ.

קרעכצנדיק זעצט ער זיך אַוועק אויף דער פּריזבע, לענט זיך אָן אויף דער וואַנט און דרעמלט איין.

ביים אָנהייב שליאַך באַווייזט זיך פּיעטרוק מיט דער סטאַדע. וואָס נענטער צום דאָרף גייען די קי אַלץ גיכער. אין דער לופט, איבערן טרוקענעם וועג,

וואַלקנט זיך אַ געדיכטער שטויב. אין אַפענעם פענצטערל בייגט זיך אַרויס האַנגאַ און זשמורעט אויפן פּאַסטעך מיט די אויגן, ווי זי זאָל קוקן אויף דער זון:

— פּיעטרוק — שרייט זי — וואָס איז די איילעניש אויף דיר? עס איז נאָר וואָס קילער געוואָרן. וואָלסט געבליבן נאָך אַ ביסל אויף דער פּאַשע. ס'איז דיר אַ שאָד דאָס גראָז אין סטעפּ? הונגעריקע קי!

פּיעטרוק ענטפערט נישט. דרייט אויס דעם קאָפּ צו איר. טוט אַ פּינטל מיט זיין האַלב בלינדן אויג. בייגט זי זיך נאָך מער אַרויס, שאָקלט רעזיגנירט מיטן קאָפּ און קוקט ווי ער לאָזט די קי אַליין דערגיין אַהיים. ער כאַפּט זיך אַריין צו זיך אין כאַטע.

איר אומצופרידנקייט בלייבט הענגען אין דער לופטן איבער דעם ליידיק געוואָרענעם וועג.

ביי אַ פאַרמאַכטן טויער, שטייט נאָך איין קו אויסגעשטרעקט דעם האַלדז און מוקעט צעצויגן, פאַרבענקט. בעט זיך אין שטאַל, אַ סקריפּ מיט אַ טויער. די קו איז נישטאָ. ס'איז שטיל.

מען הערט די שטילקייט סודעט זיך מיט דער נאַכט אין די גערטנער, אין די פאַרחלשטע גראָזן, ביי די טרוקענע וועגן. ווו נישט ווו פלעמלען אָנגע־צונדענע קורניקלעך, דורך קליינע שייבלעך. אין יענע היימען עסט מען נאָך וויעטשערע.

אויף איר הויף, ביים ברונעם, שטייט שוין ווידער טימאָפּעיעווע. די איי־בערשטע ספּודניצע פאַרהייבן, פאַרשטעקט אין טאַליע־פּאַסיק. די באָרוועסע פיס אין קאַלוזשע, שטייט זי און שלעפּט איין עמער וואַסער נאָכן צווייטן. לאָזט אַראָפּ דעם פּוסטן עמער, וואָס איז צוגעטשעפּעט צו דער לאַנגער שטריק — טוט אַ זעץ אין ברונעם אַריין, אַרויסגעצויגן די שטריק — און כלופּ דעם עמער וואַסער אין דער פּאַס. איינס נאָך איינס, איינס נאָך איינס אָן אויפהער.

אין צווייטן הויף, אַנטקעגן נעמט דער אַלטער פּאָפּאָו ביי זיין ברונעם וואַסער און רעדט צו זיך אין עמער אַריין:

— נו, וואָס טימאָפּעיעווע, גייסט שוין ווידער פּיעשטשען דיין גאָרטן? זי פאַררויטלט זיך ווי מען וואָלט איר געכאַפּט ביי אַ שקציי, ענטפערט נישט. שמייכלט פאַרשעמט און שעפּט אָן איבעררייס.

פול געמאַכט די גרויסע כלים מיט וואַסער, ציט זי אַרויס נאָך אַן עמער, טוט אים אַ גאָס אויף די באָרוועסע, פאַרשפּריצטע פּיס. אָפּגעשווענקט זיי, זי כאַפּט אַ ציטער... טוט זיך אַ טרייסל ווי אַ צופרידן פערדל ביי זון־אויפגאַנג בררר... און אַריין אין שטוב.

שוין וויפל מאָל האָט זי מיט זיך אָפּגעשטימט, נישט אָנצוגרייטן קיין

וואַסער אויף צו באַגיסן דעם גאָרטן. דער אַלטער פּאָפּאָוו זאָגט, מען קען די יונגע שפּראָצונגען צוגעווינען צו קאַלט וואַסער. דאָס האַרץ לאָזט איר אָבער נישט. דער גאָרטן איז נאָך יונג. דער טאָג איז הייס, בריט. און אין איר טיפן ברונעם, איז דאָס וואַסער קאַלט. אַ זייער טיפער ברונעם. זי האָט מורא זי וועט זיי פאַרקילן, די גרינסן. גלייכער דערוואַרעמען דאָס וואַסער אין די כּלים איבערן מעת־לעת.

אַריינגעקומען אין שטוב האָט זי דערפילט אַ קעלט.

— טאַנקע איז ווידער היינט נישטאָ פון סטעפּ — האָט זי שטיל אַ ברום געטאָן און געזוכט דורך דער פינצטערער שויב, אויפן טונקעלן שליאַך — מען לאָזט זיי נישט אָפּ. נישטאָ ווער עס זאָל אַרבעטן אין פעלד. די מענער אויפן פראָנט. און פון מאַן מיטן זון, שוין אַזוי לאַנג נישטאָ קיין בריוו. יאָ, שוין זייער לאַנג...

אַ פאַרזאָרגטע איז זי אַוועק פון פענצטער. לאַנג איז זי געשטאַנען, געצלמט זיך, געמורמלט שטילערהייט און אַרויפגעקראָכן אויפן אויוון.

איבערן שטוב האָט זיך באַלד צעטראָגן אַ שנאָרכן, דאָס שנאָרכן האָט זיך איבערגעקייקלט אין אַ קרעכצן. דאָס קרעכצן איז אַריבער אין אַ פאַר־שטיקט שרייען. אויף כּוח האָט זי זיך אויפגעריסן. מיט פאַרמאַכטע אויגן גע־בליבן זיצן אַ צעטומלטע. ווו איז זי? איז זי לאַנג געשלאָפן? וואָס איז געשען?

— טפו... טפו... עפּעס אַרומגעקראָכן אויף אַ בית־עולם, צווישן קברים געגאַנגען, טפו...

טימאָפעיעווע האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אויוון און מיטן גאַנצן אימפּעט אַ יאָג געטאָן פון שטוב, זי איז געלאָפן דורכן גאָרטן און געשריִען מיט אַ היי־זעריק, פאַרשלאָפענעם קול.

— סוואָלאָטשעס, ממזרים, איך וועל אייך די קעפּ צעשפּאַלטן! אָן פּיס וועט איר פון דאַנען אַוועקגיין!... איך וועל אייך ווייזן! אַהו!... אַהו!... אַוועק פון דאַנען, פּאַראַזיטן!... חוצפּהניקעס, אַז נישט אויפוואַקסן זאָלט איר!...

אַלץ אַרום איז געשלאָפן. די לבנה אַן אויסגעוואַשענע איז געשוווּמען אי־בערן הימל, אַ גרויסע, אַ ליכטיקע. טימאָפעיעווע האָט געקוקט אויף איר מיט פּאַרדראָס און טענה, פאַר וואָס זי שיינט אַזוי פּונקט אויף איר גאָרטן. זי איז געלאָפן אין די ראַזאָרעס, אַרום די בייטן און אַרויסגעשריִען דורכן פּלויט, צום שלאָפנדיקן דאָרף — אַהו!... אַוועק פון דאַנען!...

דורכגעלאָפן דעם גאַנצן גאָרטן. שטיל. קיין נפש נישטאָ. זי האָט זיך אָפּ־געשטעלט און אויסגעשפּיגן — טפו... אַ חלום אַזאַ... טימאָפעיעווע האָט אָפּ־געטעמט.

ערשט איצט האָט זי דערפֿילט די נאָסע, צעקראָפּעוועטע פּיס. זי האָט זיך איינגעבויגן זײַ אָפּווישן מיט דער ספּודניצע.

— פּאַראַזיטן — האָט זי קוים אויסגעקרעכצט און זיך שוין נישט געקענט אויסגלײַכן.

אויף דער ערד נעבן אירע פּיס, איז געלעגן אַ זשמוט אויסגעריסענע מע־רעלעך. זי איז געקראָכן אַ געבויגענע, אַן אויפֿגעדרייטע און געוויינט.

— אַנו, ער איז געווען... ער איז דאָ שוין ווידער געווען דער היגטישער זון, אַז נישט געבוירן וואָלט זי אים די נישט גלויביקע. שוין ווידער האָט ער זיך אַרײַנגעכאַפּט מיט זײַנע חברימלעך. געפֿרעסן די מערעלעך... צעטאָפּטשעט די אוגערקעס... נאָר וואָס האָבן זיי אָפּגעבליט... עך, דאָליע ביטערע, דאָליע מיינע. אויפֿן גאַנצן וועג צום ברונעם אויסגעריסענע, יונגינקע מערעלעך, פֿול אַוועקגעוואָרפֿענע בלעטער... זיי האָבן עס געוואַשן פֿאַרן פֿרעסן. נאָר וואָס האָב איך זיי באַגאָסן, די הענט דרייען זיך נאָך איצטער פֿון שלעפּן דאָס וואַסער... און טאַנקע, טעכטערל, וועָרסט פֿאַרשוואַרצט טאָג און נאַכט אין סטעפּ, אַז אַפֿילו אין באָד זיך אויספּאַרען נישטאָ ווען צו קומען. האָספּאָדי, האָספּאָדי, און וואַניע מיט ניקאָלינקען ליגן אין די אָקאָפּעס... און קיין בריוו פֿון זיי נישטאָ... אַך, אַזוי לאַנג שוין נישטאָ פֿון זיי קיין בריוו... דאָליע, מיין ביטערע דאָליע. נאָר וואָס האָבן זיי געלעבט זיי... אויסגעפּליקט. זיי... אויסגעריסן... — האָט זי געהעשעט. געקוקט און נישט געוווסט, וואָס צו טון מיט דער קופּע אויפֿגע־קליבענע מערעלעך. זי איז צו צום ברונעם האָט זי עס אַ שליידער געטאָן אויף דער ערד, נעבן דער פּולער פּאַס מיט וואַסער און ווידער געלאָזט זיך לויפֿן צום פּלויט. אָפּגעריסענע שטיקער געוויין זיינען געפֿאַלן אין דער שטילער נאַכט אַריין.

— דאַרמאָיעדניקעס!... די קעפּ וועל איך אייך!... אַז נישט אויפֿוואַקסן זאָלט איר!... אַך, געפּטרט דעם גאָרטן...

אַ ציטערנדיקע איז זי אַריין אין שטוב. איז צו צום בעט. דער אויוון איז סיי ווי געווען קאַלט. עס איז אָבער שוין מער ווי אַ האַלבע נאַכט געווען אַוועק. איז איר אַ שאָד געוואָרן צו צעוואַרפֿן דאָס בעט. זי איז אַרויף צוריק אויפֿן אויוון, קריכנדיק האָט זי באַמערקט, אַז ביי האַנען לייכט אין פֿענצטער.

— איצטער? אין אַזאַ שפּעטער שעה? עפּעס איז עס... אַ זון אפשר זיך אומגעקערט פֿון פֿראָנט?... מ'דאַרף מאָרגן פֿרעגן דער קומאַ. ס'איז עפּעס נישט גלאַט. ווילע שכנים. אָבער דאָס אייניקל זייערס, קאָלקע, אַז נישט אויפֿוואַקסן זאָל ער מיט זיין שיינער מאַמקען צוזאַמען.... — זי האָט הויך געציטערט — אירי... אירי... האָספּאָדי... גאָט מיינער, ליכטיק אין מיטן נאַכט?... גיין... ס'איז נישט גלאַט אַזוי...

**
*

מאַרוסיע די בריגאַדירשע, קאָלקעס מאַמע, האָט גוט געוווּסט וואָס עס ליגט ביי אירע עלטערן אין די פענצטער.

שפּעט ביי נאַכט, ווען זי איז געגאַנגען פון דער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג, האָט זי שוין געוווּסט, אַז נ.ק.וו.ד. זענען דאָ אין דאָרף און אַז איר טאַטע ווערט טאַקע היינט אַרעסטירט.

ווען זי איז אַריין צו זיך אין שטוב, האָט זי געהערט, אַז קעגנאיבער צו דער שטוב פון אירע עלטערן, זענען זיי צוגעפאָרן.

אַ רויטע, אַן אויפגערייצטע, איז זי געשטאַנען ביים זייט פון פענצטער, אַז קיינער זאָל איר נישט באַמערקן און געצישעט ווי אַ שלאַנג.

— פּאַראַזזיטן... סססוואָלאָטשעס... סססאַבאָטאַזשניקעס...

זי האָט געזען ווי איר אַלטער טאַטע, איז מיט אַ פאַרשנעלערטן טראָט צו־געגאַנגען צום בריטשקע. נאָך אים צוויי נ.ק.וו.דיסטן מיט געווער אין די הענט.

די בריטשקע האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און מאַרוסיע איז נאָך אַלץ געשטאַנען צוגעשמידט צום ראָג פון פענצטערל. דאָס פאַרהאַנגל האָט געציטערט אין אירע פינגער און זי האָט בגנבה געקוקט אין ליידיקן אָרט. — אַרויס־לויפן צום טאַטן... נאָך איין רגע און עס ווערט שפּעט — איז איר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק. זי האָט זיך אָבער אַראָפּגעלאָזט אויף דער פּאָדלאָגע, נעבן פענצטער און געבליבן זיצן מיט פאַרקריצטע ציין.

און וואָס איצטער? — האָט זי געטראַכט — גיין צו דער מאַמען... אַליין געבליבן מיין אַלטיטשקע... מאַרוסיע האָט זיך דערשראָקן. זי האָט אין דער מאַמעס אַלטע אויגן דערזען דעם געדולד, מיט וועלכן זי האָט יאָרן לאַנג גע־שיקט דעם טאַטן אין סטעפּ אַריין, די קאַלטע קאַרטאָפליעס מיט דעם ביסל מילך. אין דער מאַמעס אויגן האָט זי דערזען אַלע נישט דערשלאָפענע נעכט, צוליב די ברידער, וואָס שלאָגן זיך פאַרן פאָטערלאַנד. מאַרוסיע איז געלעגן אויף דער ערד, אַ קליינע, אַ שוואַכע. ווי קומט זי? ווי קען זי זיך פאַרגלייכן צו איר מאַמען? די מאַמע וועט אַ קוק טאָן אויף איר, אַ שאָקל טאָן מיטן קאָפּ ווי געווײנלעך און זאָגן — עך מאַרוסיאַ... מאַרוסיאַ... ניין, זי האָט געפילט, אַז זי קען נישט מער... איצט וועט זי נישט אויסהאַלטן. זי וועט שרייען, זי וועט זידלען, זי וועט שילטן די פּאַראַזיטן... סוואָלאָטשעס... סאַבאָטאַזשניקעס...

אַזוי צישענדיק האָט זי אַ מידע איינגעדרעמלט.

ערגעץ אין דער נאַכט האָט זיך דערהערט דאָס פּאַטשן פון פליגל און באַלד האָט אַ קרייען פון העגער, אָנגעזאָגט דעם אָנקומען פון טאָג. אָט, אָט און עס באַווייזט זיך די זון. מאַרוסיע, האָט זיך גיך אויפגעשטעלט. זי האָט געקוקט

אין דרויסן אַרויס. שטיל... קיין סימן פון דעם וואָס איז פֿאָרגעקומען... נעבן איר, אויף דער פֿאָדלאָגע, האָבן זיך געוואַלגערט קאָלקעס צוויי בלאָטיקע שיך. קאָלקע איז געלעגן אין די זאַכן אויפֿן בעט און געשלאָפֿן. זיינע הענט צעשפּרייט. איין האַנט איז פֿאַרחלשט אַראָפּגעהאָנגען אויף דער ערד. די פּיסלעך האַלב אויפֿן בעט. ווי ער וואָלט זיך געלייגט אויף אַ ווייל.

מאַרוסיע איז צו צום בעטל. — אָ, יעזוס הייליקער — האָט זי אַרויסגעזאָגט. זי האָט זיך שטיל אַראָפּגעבויגן, אויפגעהויבן זיין פֿאַרחלשט הענטל, אויסגעגלייכט זיינע פּיסלעך און געקוקט אים אין שלאָפֿנדיקן פּנימל אַריין, געוואָלט אים נאָך עפּעס זאָגן פֿאַרן אַרויסגיין. קאָלקע האָט אָבער אַ קריץ געטאָן מיט די ציין, זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט און ווייטער געשלאָפֿן.

אַ געבראָכענע האָט זי זיך צוגעשלעפּט צום וואַסער. זיך אָפּגעוואַשן. אין גאַנג פֿאַרקעמט די האָר. זי איז אַרויס שפּאַנען דעם פֿערד.

אַ ווײַלע זיך נאָך פֿאַרהאַלטן פֿאַרן גאָרטן, וואָס איז געלעגן הינטער איר שטוב אַ צעטריקנטער, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אַ שמיץ געטאָן אין פֿערד.

רויט, אָפּגעברענט פֿון זון און ווינט איז מאַרוסיע די בריגאַדירשע געזעסן אין וואָגן און ווי אַ מחבל געיאָגט איבערן דאָרף.

דאָס קלאַפּערײַ פֿון די פֿערדישע טריט, דאָס קייקלען פֿון די רעדער האָט געהילכט אין דער שטילער גאַס.

ביי יעדער כאַטקע, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט. געקלאַפּט אין די שייבלעך, אין די טירן און רוען נישט געלאָזט.

— אַזוי גאָר... שיין זעען מיר אויס... דעם גאָרטן דאַרפסטו באַאַרבעטן?... גיי דערצייל עס דעם פֿאַרשאָלטענעם דייטש... מיר מוזן אַרבעטן!... דאָס ברויט ברענט אין „זאַגאָט זיערנאָ“... מען מוז אים לופטערן... פֿאַרשטאַנען... דאָס מלוכהשע ברויט... ווילסט אַז דיין מאַן זאָל דאָרט קעמפֿן אַ הונגעריקער?... מלחמה... מיר מוזן דעם ברויט צושטעלן דער רעגירונג!... אַרבעטן!... דיין זון אויפֿן פֿראָנט מוז האָבן צו עסן!...

דאָ און דאָרט האָט מען דערהערט אַ סקריפּען פֿון טירן. ווייבער זענען פֿאַרשלאָפֿענע אַרויסגעלאָפֿן פֿון די כאַטקעס. אין לויף זיך געבונדן די טיכלעך אויף די קעפּ. פֿון ווייטן צוריקגעשריִען צו די קינדער, אָנגעזאָגט זיי וואָס זיי זאָלן טאָן, וואָס זיי זאָלן עסן. שנעל אָנגעיאָגט די, וואָס האָבן אין אײַלעניש געשפּאַנט צו דער אַרבעט.

טימאָפעיעווע האָט געזען ווי מאַרוסיע האָט אַוועקגעיאָגט נאָך זיי, און דורכן גאָרטן, איר אויסצומיידן, אַריין צו האַנגען.

— קומאַ, איך האָב געזען היינט ביי נאַכט פייער ביי דיר אין שטוב, עפּעס גוטע נייעס? אַ זון אפשר פון פראַנט געקומען?

— אָ, ניין, מיין טייערע — האָט האַננע גערעדט אַ פאַרזאָרגטע, פּאָרענדיק זיך ביי די מילך — פון די זין שוין לאַנג קיין נייס נישטאָ. ווער ווייס צי זיי לעבן נאָך... אך, אך... וואַנקע האָט געשריבן, אַז זיין וווּנד פאַרהיילט זיך און אַז ער גייט שוין צוריק אויפן פראָנט... זיי האָבן דאָך טאַקע אַרעסטירט מיין אַלטן. אין טורמע אים אַוועקגעשלעפּט. נו, ווייסט דאָך, קומאַ, אַלץ פאַר דער טאָרבע ווייץ, וואָס ער האָט געוואָלט נעמען. עס קומט מיר, האָט ער געזאָגט... איך אַרבעט טאָג און נאַכט און זיי שלעפּן גאַנצע זעק... ער האָט געמיינט אַ שפּילעכל...

— נו, איז וואָס וועט עס איצטער זיין? — האָט טימאָפעיעווע אויסגעשריִען, ווי זי וואָלט נישט באַנומען, וואָס האַננע דערציילט איר.

—נו, וואָס?... גאָרנישט וועט זיין... מען קען דען עפּעס העלפן... ער איז אַוועק, מיין אַלטיטשקער... אַוועק... מען האָט אים צוגענומען... ער האָט מיט־גענומען דעם זונטיקדיקן אָנצוג, טאָמער שטאַרבט ער דאָרטן, זאָל מען אים כאָטש האָבן אין וואָס צו באַגראָבן... ער איז דאָך שוין אַלט... אוי, קומאַ טייערע, קוק! — האָט האַננע פּלוצלינג געוויזן דורכן פענצטער — קוק, הינער זענען אַריין צו מיר אין גאָרטן!... אַקיש!... אַקיש!...

זי האָט איבערגעלאָזט אין מיטן דורכזייען דאָס מילך און אַוועקגעלאָפן אויפן גאָרטן. טימאָפעיעווע האָט געזען, ווי האַננע האָט מיט די שפּיצן פון קאָפּ־טיכל, געווישט זיך די אויגן און געיאָגט נאָך די הינער דורך די ראַזאָרעס. שטיל, אַ פאַרשולדיקטע, האָט זי זיך אַרויסגערוקט און אַוועק צו זיך אויפן גאָרטן. זי האָט נאָך אַלץ נישט געקענט שלום מאַכן מיט דער זאַך. זי האָט געצמאָקעט מיט די ליפּן, געדרייט מיטן קאָפּ און גערעדט צו זיך אַליין.

— און איך האָב געמיינט... געקלערט אפשר אַ זון געקומען פון פראָנט... אך... האָספּאָדי... האָספּאָדי...

די זון האָט אויך היינט צוגעזאָגט צו ברענען. זי האָט זיך געהויבן, גע־הויבן אויפן הימל. ביים עק פון דאָרף האָט מען געזען די פּרויען, וואָס האָבן געצויגן צו דער אַרבעט. די בריגאַדירשע איז געזעסן אין וואָגן. זי האָט גע־יאָגט הין און צוריק. זיך אָפּגעשטעלט ביי די כאַטקעס, געקלאַפּט מיטן בייטש אין די שייבלעך.

און אַז דער טאָג האָט זיך צעברענט, איז ווידער שטיל געוואָרן און אַלץ האָט אין פאַרשמאַכטקייט, געוואַרט אויף דעם אָוונט, אויף אַ ביסל שאָטן.

ווען די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט הינטער די ווייץ־פעלדער, האָט זיך ווידער ביי זיין פּריזבע באַוויזן דער אַלטיטשקער אַכמעטאָוו, ווייט ביים אָנהייב

פון שליאַך איז אָנגעקומען פּיעטרוק מיט דער סטאַדע, די ווייבער זענען גע־קומען פון דער אַרבעט און געשטעלט זיך עפּעס טאָן אין די היימען. טימאָ־פּעיעווע האָט באַגאָסן דעם גאָרטן און ווידער געשטעלט זיך שעפּן וואַסער אין די כלים אַריין אויף מאָרגן. ווידער האָבן זיך אָנגעצונדן די קורניקלעך אַרויסגעלויכטן דורך די קליינע שייבלעך.

פריִער ווי אַלעמאָל איז הײַנט געקומען פון בריגאַדע מאַרוסיע. זי איז פאַרפאָרן גלייך צו דער מאַמעס כאַטקע. שטיל איז זי אַריין אין שטוב. די שטוב האָט אויסגעזען ווי שטענדיק. דער טאַטע איז קיין מאָל אין דער היים נישט געווען.

מאַרוסיע ווייס אָבער, אַז הײַנט אַרבעט ער נישט אין בריגאַדע, דאָרט איז קאָנטיק. דאָרט פעלט ער. און זי האָט דאָך אַליין מיט אירע אויגן געזען אים אַוועקפירן. און דאָ זיצט די מאַמע אַליין. יאָ, זי זיצט, די אַלטיטשקע און לאַטעט איר צעריסענע ספּודניצע... זי הערט גאָרנישט, אַז איך בין אַריין. מאַרוסיע איז אַ שטילע געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטער בייטש אין האַנט און זיך שטום געפרעגט — וואָס וויל איך איר זאָגן?... וואָס?... וואָס... — האַ? — האָט זי זיך ענדלעך הויך אַ פרעג געטאָן.

די מאַמע האָט אויפגעהויבן אויף איר אַ פּאָר רויטע אויסגעוויינטע אויגן.

— מאַרוסיאַ? — האָט זי אַ פרעג געטאָן און ווידער געלאַטעט.

— מאַמאַ!... — האָט מאַרוסיע אַרויסגעזאָגט. זי האָט דערפילט איר הויך געשריי און אָפּגעהאַקט.

— וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן? מאַמע?... דו הערסט, מאַמע, האַ?... מאַמע... — איז איר שטים געוואָרן אַלץ שטילער — דו לאַטעסט?

— יאָ, טאָכטער.

אַ שווייגן האָט געשטיקט יעדע באַזונדער.

— צו אַלדע שוואַרצע יאָר — האָט מאַרוסיע אַ כריפּע געטאָן — מאַמולו... דעראַרבעט זיך, האַ?... וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? גוט דערוואָרט זיך... האַ... איך זאָג... יאָ, איך זאָג — קאָלקע. ווו איז קאָלינקע? — האָט זי פּלוצלינג גע־נומען שפּאַנען הין און צוריק איבערן שטוב. — ער האָט הײַנט גאָרנישט גע־געסן... ווו איז ער? שלעפּט זיך אַרום אַ הונגעריקער ווי אַ הונט...

— עס טויג טאַקע נישט, טאָכטער, און אַז איך רוף אים, פּאָלגט ער מיר דען? — האָט האַננע געזאָגט אַ באַזאָרגטע.

— מאַמע, אַ קינד דאַרף האָבן אַ היים... און איך בין דאָך שטענדיק... איך בין דען?... ווו בין איך?... פאַרשטייסט, סוואָלאָטשעס... סאָבאָטאַזשניקעס... פּאַ־ראַזי... הונגעריק דאָס ייִנגל...

מאַרוסיע איז אַנטשוויגן געוואָרן

האַנגע האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן. דער ווייטיק פון דער טאָכטערס פאַרלוירנקייט, האָט איר צוגעשמידט צו דער לאַטע פון ספּודניצע. האָט זי גיך געשטשאָבעט מיט גרויסע קרומע שטעך.

ענדלעך האָט זי איבערגעריסן און ווייך אַ פרעג געטאָן:

— איז וואָס שטייסטו, מאַרוסיע? גיי געפין דעם יינגל און גיב אים עסן.

שווער און נישט זיכער, האָט זיך מאַרוסיע אַרויסגעשאַרט פון שטוב. פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר שטיל, ווי זי וואָלט אַרויס פון אַ קראַנקן.

אין דרויסן איז שוין געווען פינצטער. האָט זי הויך גערופן:

— קאָליאַ!... קאָלינקאָ! ווו ביסטו? קום עסן! ביסט דאָך אַ הונגעריקער, קאָלינקאָ !... קום, קינד מיינס !...

איר קול האָט זיך צעטראָגן איבער די גערטנער, געוועקט די שטילקייט. ערגעץ אויף אַ הויף האָט זיך צעבילט אַ הונט. עמעץ האָט אויף אים געשריגן און אים שטיל געמאַכט. דער עכאָ האָט פאַמעלעך זיך צוריקגעקערט און געקלאַפּט אין די פינצטערע שייבלעך.

— קאָליאַ, ווו ביסטו אַהינגעקומען?... ווו האָסטו זיך ערגעץ באַגראָבן?... קום, טאַטעלע מיינער!... טאַטע!... טאַטע מיינער!... — האָט מאַרוסיע הויך געקרעכצט — פאַראַזיטן... סוואָלאָטשעס... סאַבאָטאַזשניקעס...

ערגעץ פון אַ הויף האָט זיך אָפּגערופן אַ קינדיש־צעבענקט קול. אַ דערפרייטער איז קאָלקע געלאָפן פון אַ גאָרטן.

— ביסט געקומען, מאַמע? שוין, איך גיי! מאַמע!

האָט מאַרוסיע זיך פאַרנומען אַהיים.

אין אָפענעם פענצטערל האָט טימאָפּעיעווע דערשראָקן אַרויסגערוקט איר קאָפּ. מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם, נאָכגעשפּירט פון וואַנען עס קומט דער קול. אין דער פינצטער האָט זי גאָר נאָענט דערזען די בריגאַדירשע. האָט זי שטיל צוריק פאַרמאַכט די פענצטער און באַוויזן נאָך אויפכאַפּן מאַרוסיעס ווערטשען:

„סאַבאָטאַזשניקעס... סוואָלאָטשעס... פאַראַזיטן“ — און אַ גאַלאָפּ פון קינדערשע טריט, וואָס זענען איר נאָכגעלאָפן.

# קאַפּיטל IX

נאָך נעכטן אָוונט האָט דער בריגאַדיר צוגעזאָגט נאַדזשקען אָפּצולאָזן איר אין דאָרף אַריין. עס וועט אים שוין גאָר נישט העלפן. דאָס מאָל מוז זי פאָרן.

זי קען שוין באַלד אין גאַנצן נישט רירן מיט דער האַנט. געוואָרן אָנגעשוואָלן ביזן עלנבויגן, אויפגעיוירן ווי אַ ראָשטשינע אין דייזשע.

אָט אַ זאַראַזע — טראַכט נאַדזשקע.

ביים אונטערבעטן די קי האָט זיך אַ קלעשטשעלע איר געזעצט אונטער דער פּאַכווע. איצט דערמאָנט זי זיך, אַז עפּעס האָט זי יאָ געהאַט דערפילט, אַפילו אָנגערירט עס מיט דער האַנט און געמיינט אַ קליינער פּרישטשיק.

פון דאַן אָן איז דאָס קלעשטשל געוואַקסן, געזויגן איר בלוט. שוין אַ גרויסן ווי אַ באָב האָט זי אים אַראָפּגעריסן און אַ קראַץ געטאָן דעם אָרט.

צוליב דער קלייניקייט מוז זי איצט פאָרן אין באָלניצע. איז זי באַזאָרגט, עס זאָל נאָר נישט געפּטרט ווערן קיין סך צייט. ביי דער געלעגנהייט האָט נאַדזשקע פיל צו טאָן אין דאָרף: אויפקלייבן דאָס עסן פאַר די אַרבעטער, באַוויזן צוריקצוקומען אין דער צייט. און דער עיקר זי וויל זיך נאָך אַריינכאַפּן צו וואַליען.

האָט דער צוזאָג פון בריגאַדיר, דאָס מאָל, איר אַזוי גערופּעט, אַז זי האָט נישט געקענט איינליגן: עס טרעפט אָפּט, אַז נאַדזשקע שלאָפט נישט אין די נעכט. אַ מאָל איז עס אַ פלוצעמדיקער אויפלויכטן פון אויטאָ־פּאַנאַרן, וואָס מאַכן אויפרייסן אירע אויגן פון שלאָף. אַ מאָל איז עס אַ געזאַנג, וואָס טראָגט זיך פאַרביי. זי וועקט זיך אויף און קען זיך קוים דערמאָנען, ווו זי געפינט זיך. דאָס געזאַנג האָט זי אַזוי דייטלעך געהערט.

זי גייט אַרויס. ס'איז שטיל. לייגט זיך אויפן גראָז און קוקט צו די שטערן, שפּיצט אָן איר געהער. עס איז שטיל, גאָר שטיל.

לאַנג בלייבט זי נישט ליגן אַליין. אָט איז פאָריקע נאַכט אַרויסגעקומען וואַסקע. ער האָט זיך געלייגט נעבן איר. זיי זענען ביידע געווען וואַך און

איר איז גוט געווען מיט אים. זי האָט אַלץ פאַרגעסן. פּלוצלונג האָט זי ווי־דער דערפילט די שטילקייט. זאָלן זיין, אַז וואַסקע איז איינגעשלאָפן?

— וואַסקע, האַ, וואַסינקאַ, פאַר וואָס ביסטו נישט אויפן פראָנט?

— שלאָף, נאַדזשקע, ביסט אַ קינד. מען מוז דאָך אויפקלייבן דאָס ברויט פון די פעלדער. שלאָף, טייבעלע, — רעדט ער דרעמלענדיק.

נאַדזשקע קען אָבער נישט שלאָפן, זי טראַכט.

— וואַסקע, הערסט, וואַסיאַ, דאָרטן איז דיר נישט ווי דאָ. דאָרטן איז ערגער. ביסטו דאָס אויך אַנטלאָפן אַהער אין סטעפּ אַזוי ווי איך? האָסטו אויך מורא?

וואַסקע ענטפערט נישט, ער כראָפּעט שווער. זי ווייסט נישט, וואָס צו טאָן מיט איר אומרו. טוליעט זי זיך צו אים און שלאָפט איין, ביז מען וועקט זיי צו דער אַרבעט.

ביי טאָג אָבער האָט זי אים פיינט. אַלע מענער, וואָס זענען דאָ האָט זי פיינט. ווען זי זאָל נישט מורא האָבן, אַז מען וועט איר דערהרגענען, וואָלט זי אַוועק צוריק אין דאָרף און אין איינער אַ נאַכט אַרויפגעכאַפּט זיך אויף אַ גרוזאָוויק, וואָס פאָרט פאַרביי וואָליען און פירט רעקרוטן. אָבער זי האָט אַזוי מורא.

נעכטן ביי נאַכט, נאָך דער אַרבעט, האָבן זיך די יונגוואַרג פאַרקליבן צו שלאָפן אין היי. עס איז געווען קיל און איצט האָט שטאַרק געפּאַרעט, ס'איז געוואָרן הייס.

ווען זי האָט געעפנט די אויגן, זענען דריי קליינע וועלפלעך אַדורכגעגאַנ־גען פאַרביי דער אָפענער טיר און רויִק אַוועק אין דער ריכטונג פון וואַלד.

— זיי זענען זאַט — האָט נאַדזשקע געמורמלט — אָט, סאָבאַקי, פילן זיך ווי ביי זיך אין דער היים.

זי איז גלייך וואַך געוואָרן. נעבן איר איז געלעגן אָלאַ, דעם סעקרעטאַרס טאָכטער. נאָך אַ יאָר און זי וועט שוין ענדיקן דעם צענטן קלאַס. זי איז אַ שיינע, אָלאַ. אַ קלייד טראָגט זי אַ קורצס. אויפגעצייט ביי אַ שניידערן, וואָס מען האָט פאַרשיקט אַהער פון פּוילן, לויט זייער מאָדע. מען זאָגט, אַז אָלאַ ליבט זיך מיטן דייטשישן לערער. ער איז שוין נישט יונג. האָט אַ ווייב מיט צוויי קינדער.

— נו, יעוואַ, — מורמלט נאַדזשקע צו זיך — ער וואָלט שוין לאַנג גע־ווען אויפן פראָנט, ווען ער איז נישט קיין דייטש.

אָלאַ האָט פאַרשלאָפן אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אָנגעקוקט נאַדזשקען און ווידער פאַרמאַכט די אויגן, זיך איינגענורעט אין היי. ווען אַלע שילער, וואָס זענען ספּעציעל געקומען צו דער „כליעב־אובארקע", אַראָפּנעמען דעם שניט

פון די פעלדער, זענען געזעסן ביים פייער און געזונגען, האָט אָלאַ אומבאַמערקט זיך אָפּגערוקט פון דער גרופּע און אַוועק אין וואַלד. געקומען איז זי שפּעט, האָט נישט געוואָגט צו גיין אויף איר אָרט שלאָפן און זיך אַראָפּגעלאָזט נעבן נאַדזשקען ביים אַריינגאַנג. אַן אומצופרידענע האָט זיך נאַדזשקע געוואָרפן און געבורטשעט:

— עס האָט מיר שוין דערעסן ווי אַ שוואַרצער...

שאַ, שאַ, נאַדזשקע — האָט אָלאַ זי איינגענומען. גערעדט צו איר ווייך, זי געגלעט ווי קיין מאָל נישט און געשעפּטשעט:

— שלאָף, ליבינקע, שלאָף, עס איז שפּעט, וועק נישט קיינעם.

איז זי טאַקע באַלד ווידער איינגעשלאָפן.

איצט נאָך פּאַר טונקל האָט זי אויפגעוועקט די פרייד פון דאַרפן באַלד פאָרן אין דאָרף. כאָטש וואָס אַן אמת, טוט נאָך שטאַרק ווי די האַנט.

אָלאַ זאָגט, אַז זי האָט נישט געדאַרפט אַ קראַץ טאָן מיטן שמוציקן פינגער.

אינטעליגענטע רעדעריי, טראַכט נאַדזשקע, ווען נישט דער קלעשטש, דער פּאַראַזיט, וואָלט גאָר נישט געשען.

טאַטיאַנאַ, וואָס אַרבעט איצט ביי די שעפּסן, אויפן זעלבן פּלאַץ, ווו איר מאַמע האָט פריִער געאַרבעט, זאָגט אַז עס איז גאָר נישט. ביז דער חתונה וועט זיך עס פאַרהיילן. דער זאָג געפעלט נאַדזשקען. עס מאַכט איר לאַכן. אַ שמייכלענדיקע רוקט זי זיך אַרויס פון גרויסן היי־שייער.

דער סטעפּ ליגט נאָך אַ טונקעלער. באַלד וועט ער זיך צעשיינען. ביי זיין ראַנד וועט געבוירן ווערן די זון. ליגט איצט די ערד אין דערוואַרטונג פול מיט ליבשאַפט צום הימל. עס איז אַזוי שטיל, אַז מען הערט ווי אַלץ הילט זיך אין סוד פון באַשאַף.

דאָרט וווּ עס ענדיקט זיך דער רחבותדיקער סטעפּ, דאַרף זיך עס באַווייזן. פון דער ערד וועט אַרויסוואַקסן אַ גאָלדענער בויגן, באַקרוינט מיט אַ קרענצל ווי די הייליקע מוטערל, צאַריצאַ ניעביעסנאַיאַ. ער וועט זיך אַריינשניידן אין דער בלויקייט, שטייגן אַלץ העכער, ווערן אַלץ גרעסער און פולער.

נאַדזשקע וועט זען, ווי אַ פאַרגאַנצטע, אַ קיילעכדיקע, וועט זיך די זון אָפּרייסן פון דער ערד. ערשט אין די הויכקייטן זיך ווייזן מיט איר גאַנצער פּראַכט. זי וועט אַ ברי טאָן דעם סטעפּ, אַז פון דער פּערלדיקער ראָסע וועט קיין סימן נישט בלייבן.

דערווייל איז דאָס גראָז נאַס, ווי נאָך אַ רעגן. עס קילט אין די באָרוועסע פיס, אַז אַ ציטער נעמט אַדורך אַלע גלידער.

נאַדזשקע איז אומגעדולדיק. זי שפּאַנט איין דעם בייק אין אַ וואָגן און

פּירט אים אַרויס. דער זואָגן גליטשט זיך איבערן גראָז, ווי איבער אַ פּליוש. מען הערט נאָר דאָס סאָפּען פון בייק. הינטער איר דערווייטערט זיך דער שייער.

— צאָב רויטינקער, מיר פאָרן אין דאָרף! — זאָגט זי גלאָט אַזוי און הערט זיך צו צום אייגענעם עכאָ. ער קומט פון זייט ווו עס איז דער וואַלד. ער ליגט איצט אַ פינצטערער, אַ געהיימנישפולער. אויף די שפּיצן פון די ביימער וועקן זיך שוין די פייגל, רופן זיך איבער מיט אַ טשוויטשערייַ.

נעכטן ביי נאַכט איז דאָ געווען אַלאַ. אַליין איז זי אַוועק, געווען זיכער, אַז קיינער זעט נישט, ווי זי האָט זיך אָפּגעטיילט פון דער קאָמפּאַניע.

— זאָל זי מיינען, אַז איך בין נאָך אַ קליינע — טראַכט נאַדזשקע — איר אַרט נישט, אַז איך האָב עס געזען, זי מיינט, איך פאַרשטיי נאָך גאָר נישט...

נאַדזשקע וואָלט אָבער נאָך זייער געוואָלט וויסן: איז זי אַוועק טיף אין וואַלד? און אפשר זענען זיי געלעגן דאָ נאָענט צווישן די הויכן גראָזן, צווישן די קוסטעס? די יונגע וועלפּעלעך, וואָס זי האָט היינט פאַרטאָג געזען, זענען אויך געגאַנגען אַהער. זיי באַהאַלטן זיך אויך ערגעץ דאָ.

— אָט, סאָבאַקי, הינטישע לעבערס! — זאָגט זי, און ווייסט אַליין נישט גענוי, וועמען זי מיינט. צי די וועלפּעלעך, צי אַלען מיטן לערער, אָדער אַלע־מען צוזאַמען. זי פילט נאָר, אַז עס איז גוט צו טראַכטן פון זיי און ווייסט אַליין נישט פאַר וואָס.

דער וואַלד דערווייטערט זיך.

זי איז טאַקע אַ ביסל צו פרי אַרויסגעפאָרן. אין דאָרף וועלן נאָך אַלע שלאָפן בעת איר אָנקומען. נאַדזשקע טראַכט, אַז אַהיים האָט זי אין גאַנצן נישט נאָך וואָס צו גיין. לעצטנס אַרבעט די מאַמע אויף די נאָענטע פעלדער, ביים דאָרף. ערשט נעכטן איז זי אַרויסגעפאָרן צו דער געזאַלצענער אָזיערע — עס וועט בעמען שיינע עטלעכע טעג, ביז זי וועט ברענגען דאָס זאַלץ. אין שטוב ווינען די שכנים. נאַדזשקע וועט דאָס מאָל גאָר נישט גיין אַהיים. זי וויל בלויז באַווייזן צו זיין ביי וואַליען. זי וועט שוין מוזן קריגן צייט דערויף. דעם גאַנצן דאָרף באַדיי אויפוועקן פאַר פינצטער.

אַזוי נאָכגייענדיק ביי דער זייט, פאַרקלערט אין זיך, האָט זי פּלוצלונג דערזען די מיל. דאָס האַרץ האָט פריידיק גענומען קלאַפּן אין איר. דאָס איז זי שוין אין דאָרף, כאָטש עס איז נאָך דאָ שפּאַר קילאָמעטערס צו פאָרן.

נאַדזשקע, אַ פאַרקלערטע, האָט גאָר נישט באַמערקט, ווען עס האָט אין דאָרף אָנגעהויבן טאָגן. זעט אויס, אַז דער טאָג קומט גאָר פון דער זייט. היג־טער זיך האָט זי נאָך איבערגעלאָזט די נאַכט.

אין דער גרויקייט שטייט אַן איינזאַמע די מיל אין מיטן סטעפּ, ווי זי וואָלט פון דער טיף, פון דער ערד אַרויסגעוואַקסן. אַלץ קומט פון דער ערד,

טראַכט נאַדזשקע. אָט האָט אַרויסגעשפּראָצט איבער דער אויבערפלאַך די מיל. צוויי גרויסע פליגלען וואַקסן אויף איר. נאַדזשקען דוכט, זיי זענען טאַקע גרעסער געוואָרן, צייט זי האָט זיי נישט געזען. פּאַפּאָו, דער אַלטער מילנער, שלאָפט נאָך זיכער אינעווייניק. זי איינע איז בלויז וואַך, טראַכט זי מיט הנאה און פירט אַרויף דעם בייק אויפן וועג. דער וואָגן האָט זיך צעסקריפּעט.

— נו, שפּאַן גיכער! אייל זיך צו אַ ביסל, ביסט מיר שוין דערעסן ווי אַ שוואַרצער רעטעך!... מומינקע, טיאָטקע מאַרוסיע! האַ, מומינקע, שיקסטו עסן אין בריגאַדע? — האָט זי אויסגעשריִען, גלייך ביי דער ערשטער כאַטע.

אין אָפענעם פענצטערל האָט זיך באַוויזן מאַרוסיע. מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן האָט זי אונטערגעבונדן דאָס טיכל אויפן קאָפּ און גערעדט פאַרשלאָפן:

— שויך, נאַדזש? — האָט זי ברייט געגענעצט — ביסט שוין דאָ? ווען ביסטו אַרויסגעפאָרן פון סטעפּ? נאַדזשקע סערדצע, איך טראָג שוין עפּעס אַרויס פאַר זאַיקען. פאַר פאַוואַלינקע, איך וועל דיך אָניאָגן. נאָר פאָרפאָר נישט זייער ווייט!

דער אַלטער גאַווריליע, וואָס האָט נישט לאַנג אָנגעהויבן אַרבעטן אין קאָלכאָז ביי די בייקן, איז געשטאַנען און געפלאָכטן דעם פּלויט אַרום זיין גאָרטן.

— גוט מאָרגן, דיעדושקאַ גאַווריליע!

— גוט מאָרגן, נאַדזשקע! — האָט דער אַלטער געענטפערט, נישט אָפּרייסנדיק זיין בליק פון פּלויט — שוין? דו אַרבעטסט שוין אין בריגאַדע? אַך... אַך... אַך... אַזוי האָט געזאָגט דער אַרעמינקער... זיך צעוויינט און אַוועק אין קאָלכאָז... כע... כע... כע... שטיי, נאַדזשקע, אייל נישט! לויף נישט אַוועק! — האָט ער נאָכגעשפּאָט — הער, טאָכטער, וואָס אַן עלטערער רעדט, דו ביסט דאָך נאָך אַ צוציק!... פאַרגעס נישט צו ציילן דיינע „טרודאָדני", מיט זיי וועסטו שמעלצן די קאַלטע קאַרטאָפּליעס, וואָס די מאַמע וועט דיר שיקן אין בריגאַדע!...

דער דיעדושקע האָט גערעדט אַזוי רויִק און גוטמוטיק, אַז נאַדזשקע איז גאָר נישט בייז געוואָרן. זי האָט אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט דעם בייק און מיט אַ טאָן פון אַ דערוואַקסענע זיך אָפּגערופן:

— דיעדושקאַ גאַווריליע, ביסט קאַנטיק גוט געשטימט. האָסט זיך געמאַכט אַ „וויכאָדנאָי"? יום־טוב היינט ביי דיר? אַרבעטסטו נישט אין סטעפּ?

— וואָס הייסט איך אַרבעט נישט? איך פאָר באַלד אַוועק. זיך אויפגעהויבן פרי. נאָך פאַר פינצטער. מען מוז, פאַרשטייסטו מיך, דעם פּלויט פאַרפלעכטן. די ריטער טריקענען אויס, וועט מען נישט קענען. שוין עטלעכע מאָל מיט וואַסער זיי באַגאָסן. וויפל איז מעגלעך אָפּצולייגן? איך פאָר באַלד אַוועק אין

סטעפּ. אַרבעטן דאַרף מען, מיין גאָלד! — ער האָט זיך פּאַרקוקט אויפן זונ־אויפגאַנג, — שוין טאַקע שפּעט, נישטאָ שוין ווען עפּעס צו טאָן. — זיך איינ־געבויגן, אויפגעקליבן די ריטלעך, געגומען דאָס העקל און אַזוי א געבויגע־נער האָט ער געלאָזט זיך גיין דורכן הויפל צו דער כאַטע:

— אַרבעטן דאַרף מען, נאַדזשקע — האָט ער גערעדט — מען דאַרף... ווער עס אַרבעט נישט, יענער עסט נישט... מיר מוזן גיין אין בריגאַדע אַרבעטן.

— עסן!.... עסן! עסן אין בריגאַדע! — האָט זיך נאַדזשקע צעשריִען — איילט אייך, באַביאָשקעס, עס ווערט שפּעט!

פּאָפּאָווע איז שוין געגאַנגען מיט אַן עמער פון ברונעם, געהערט דעם געשריי, האָט זי געלאָזט שטיין דאָס וואַסער אין מיטן הויף און גיך אַריין אין שטוב. די קורטשאַקעס, וואָס זענען געזעסן אויף אַ ברעט אונטערן דעכל, זענען אַראָפּגעשפּרונגען און איינער נאָכן צווייטן געלאָפן צום עמער. אין אַ קרייז האָבן זיי זיך אַלע אַרויפגעשטעלט אויף זיין ראַנד, די קעפּלעך אַראָפּ־געלאָזט צום וואַסער און מיט הנאה געטרונקען.

— נאַדזשקאָ גאָלד — האָט זי אָנגעהויבן רעדן נאָך אויף איר הויפל און גאָר נישט געלייגט קיין אַכט אויף די הענדלעך, וואָס זענען דערשראָקענע זיך צעפלויגן אין אַלע זייטן — נאַדזשקאָ, פאַרבייט נישט דאָס עסן!... געדענק, דאָ ליגט פאַר מיין אַלטן אַ לעפּיאָשקע... — האָט זי נאָכאַנאַנד גערעדט מיט געבעט — זאָלסט אים געבן די לעפּיאָשקע, ליבינקע... זאָל ער עסן די לעפּ־יאָשקע, האַרציקע... אַ פרישינקע לעפּיאָשקע, דושינ...

פּאָפּאָווע האָט נאָך קענטיק געהאַט אַ סך צו זאָגן, זי איז אָבער געבליבן מיט אַן אָפן מויל און מיט אַ מינע פון איינער, ווען מען לאָזט אַ וואָרט נישט אויסרעדן.

ביעלאָגלאַזאָווע האָט איר איבערגעשלאָגן אין מיטן. מיט דער אונטער־שטער ספּודניצע האָט זי זיך אַריינגעשטעלט אין אָפענעם הויפל, ביים טויערל, און געשריִען איבער דער גאַנצער גאַס. אַלע וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַרום דעם וואָגן, האָבן זיך אָפּגעדרייט צו איר.

— נאַדזשקאָ! האָט טאַנקע געשיקט די טאָרבעלעך? איך האָב דאָך שוין נישט אין וואָס צו שיקן קיין עסן! גיט מען אייך דאָרטן ברויט?

אַ צעטומלטע איז דאָס מיידל געשטאַנען אין מיטן גאַס, נעבן בייק. נישט געוווּסט וועמען פריִער צו הערן. די באַבעס זענען געגאַנגען פון די כאַטעס און פון אַלע זייטן גערעדט צו איר. יעדע האָט געהאַט וואָס אָנצוזאָגן און געשריִען האָבן אַלע צוזאַמען.

דערנעבן האָט גערעדט ביעלאָגלאַזאָווע גלייך איר אין אויער אַריין:

— נאַדזשקאַ, הערסט? זאָג וואַניען, ער זאָל מאָרגן זיין דאָ. איך הייץ די באָד. זאָל ער זיך קומען אויספּאָרען, פאַרגעס נישט!

— זע, נאַדזשקאַ, דאָ האָסטו פאַר יאַנען אַ פולע פלאַש מילך, זיי פאַר־זיכטיק, צעברעך נישט!

— זע, ליבינקע, דאָ זענען געקאָכטע קאַרטאָפליעס, ווען דו וועסט זיך אַוועקזעצן אין וואָגן, זיי פאָרזיכטיק, צעקוועטש זיי נישט!

— איך זעץ זיך נישט! — האָט נאַדזשקע געענטפערט מיט רוגזה, שוין אין גאַנצן צעטומלט פון די אַלע אָנזאָגן — מיין רויטינקן איז אַזוי אויך גענוג שווער. עס וועט באַלד ווערן יענע הייץ...

אין פאַרלעגנהייט, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן האָט זי פאָרזיכטיק איינגע־לייגט די פעקלעך, הערנדיק ווי די ווייבער רעדן צווישן זיך

— קוק נאָר, זי אַרבעט שוין אין בריגאַדע.

— אַ גאַנצע כלה־מויד געוואָרן.

— זאָלן נאָר די חתנים קומען פון פראָנט.

נאַדזשקעס רויט אָפּגעברענט פּנים האָט זיך נאָך מער גערויטלט.

— צאָב! — האָט זי אַ טרייב געטאָן דעם בייק — צאָב! האָסט מיר שוין דערעסן ווי אַ שוואַרצער רעטעך!

זי האָט זיך קוים אַרויסגעריסן פון דעם קרענצל. געהאַט נאָך די גאַנצע גאַס אַדורכצופאָרן, צו מיטאָג קומען צוריק אין בריגאַדע און איר האָט זיך זייער געוואָלט כאָטש אויף אַ ווײַלע אַריינכאַפּן צו וואַליען

די האַנט האָט טאָקע זייער ווי געטאָן, אָבער דאָס וועט זי זען שפּעטער. צו־ריקוועגס וועט זי אַריינגיין אין באָלניצע. מען קען נאָך באַוויזן.

נאַדזשקע האָט געצאַפּלט ביים געדאַנק, אַז זי וועט באַלד נעמען די קליי־נע זינקעלע אויף די הענט. — זי מוז שוין זיין אַ היפּשע — האָט זי געטראַכט.

— עסן!... עסן אין בריגאַדע! איילט אייך, מומינקעס, עס ווערט שפּעט!...

די זון האָט זיך צעברענט. שוין לאַנג ווי אַלע זענען אויף־געוועזן פון שלאָף.

נאַדזשקע האָט נאָך אַלץ געטריבן דעם בייק און אים נאָכגעגאַנגען. יע־דעס מאָל זיך פאַרהאַלטן ביי אַן אַנדער כאַטע.

זי האָט שוין געזען אַלע אָנגעשטעלטע גיין צום „סיעלסאָוויעט“ צו דער אַרבעט. די גרוזשטשיקעס, וואָס לאָדן די ווייץ, זענען שוין לאַנג אַוועק אויפן „זאַגאָטזיערנאָ“. דער „סיעל־פּאָ“, דאָס איינציקע דאָרפס־געוועלב, איז געווען אָפן, געשטאַנען מיט ברייט־צעעפנטע טירן. אָבער מען האָט נישט געזען קיין מענטשן, נישט אינעווייניק, נישט אַרום. מען האָט דאָרט גאָר נישט „געגעבן“.

עס איז געוואָרן אַלץ הייסער. נאַדזשקע האָט געפילט, אַז די הייץ קומט

נישט אין גאַנצן פון דער זון. די האַנט האָט געברענט, געצויגן פון ווייטיק. זי האָט שוין געהאַט פאַר אַלעמען אויפגעקליבן דאָס עסן, ווען זי איז געבליבן שטיין ביי דער גאַס, ווו וואַליע האָט געוווינט.

פון איין זייט איז געשטאַנען די באַלניצע. פאַר דער טיר — עטלעכע פורלעך. קראַנקע קאַזאַכן זענען געקומען פון די אַאולן צום פעלדשער. זי האָט פאַרקערעוועט צו וואַליען. אַ גלייכע און שמאָלע האָט זי געזען די גאַס אין דער גאַנצער לענג, אַזש ביז זי ענדיקט זיך און עס הייבט זיך אָן דער גרויסער טראַקט. מיט דער גאַס זענען זיי ביי נאַכט געפאָרן... זיי האָבן געזונגען. אין דער פינצטער האָבן די אויטאָ־לאָמפּן אויפגעבליצט, ווי די פייערן אויפן פּראָנט. נאַדזשקע ווייסט עס. איין מאָל האָט זי געהערט וואָלאָדיען דערציילן דעם דיעדושקע פּאָפּאָוו. עס ווערט ליכטיק, האָט ער געזאָגט, מען דערהערט אַ קנאַלן און דער טויט טוט זיך אַ שאָט פון אַלע זייטן. ביי נאַכט האָט זי עס געזען, פּונקט ווי זי זאָל זיין דערביי. דערפאַר איז זי עס אַנטלאָפן אין סטעפּ אַריין, ווייט פון טראַקט און יעדן וועג. דאָרט איז שטיל. אויך אויף דער גאַס איז איצטער שטיל. זי ליגט אַ צעברענטע פון דער זון און פּוסט איז דאָ, מען זעט קיינעם נישט. בלויז ביים סאַמע ראָג, טאַקע נעבן וואַליעס שטוב, שטייט איר בהמה אַן איינגעשפּאַנטע אין וואָגן. פון ווייטן זעט זי אַרויסגיין וואָלאָדיען. ער לייגט אַרויף זיין קוליע, זעצט זיך אַוועק ביים ברעג. די קו טוט אַ צי פון אָרט און זיי לאָזן זיך אין וועג.

נאָך וואָס איז ער עס אַוועקגעפאָרן? — האָט נאַדזשקע געוואָלט זיך דער־טראַכטן.

— צאָב; צאַבאַ! — האָט זי געשריען — גיי שוין גיכער!

ביז זי איז צוגעקומען צו דער כאַטקע, איז שוין וואַליע געווען אויפן גאָרטן. די קאַרטאָפל זענען געווען אַרומגעשאָטן. פרישע בערגלעך ערד, האָבן אונטערגעהאַלטן יעדן קוסט. זי אַליין איז געשטאַנען ווייט, ביים הינטערשטן פּלויט, מיט דער קאָפּאַטשקע אין האַנט. זינקעלע האָט זיך געהאַלטן נעבן איר.

— שוין אַ היפּשינקע — האָט נאַדזשקע שטיל געזאָגט און אַ פרייד האָט אויפגעשיינט אויף איר פּנים.

אין גאַנצן שמוציק, אויסגעשמירט אין „בזניק“, איז די קליינע אַרומגע־קראָכן, פאַרטשעפּעט זיך, געפאַלן און ווידער זיך אויפגעהויבן.

— זינקאָ! — האָט נאַדזשקאַ גערופן און פריידיק געלאָזט זיך לויפן. זי איז געשפּרונגען איבער די קוסטעס

— זין! זינקאַ! זינעטשקאַ!

אַן איבערראַשטע איז וואַליע געקומען איר אַנטקעגן. זינקעלע איז גע־

בליבן שטיין, דאָס קליידעלע פאַרהויבן, דאָס גראָבע פינגערל פון דער צוויי־טער הענטל פאַררוקט טיף אין מויל.

— נאַדזשקע, ווען ביסטו געקומען? וואָס טוסטו דאָ? — האָט וואַליע גע־פרעגט.

— איך קלייב עסן פאַר די אַרבעטער. זיך אַראָפּגעכאַפּט אַ קוק טאָן. זע, וואַליע, ווי גרויס זי איז שוין!

נאַדזשקע איז צוגעלאָפן, אַ כאַפּ געטאָן זינקען אויף די הענט און שטאַרק זיך פאַרקרומט. דער ווייטיק אין האַנט האָט אַ דריק געטאָן ביים האַרץ. זי איז בלייך געוואָרן, אין אירע אויגן האָבן טרערן זיך צעגלאַנצט פאַר יסורים.

זינקעלע האָט געקוקט פאַרוואונדערט. זי האָט נאַדזשקען נישט דערקענט.

וואַליע האָט גאָר נישט געקענט באַנעמען נאַדזשקעס פאַרקרימען זיך, געקוקט ווי זי האָט זינקעלען גלייך צוריק אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד און קוים געהערט איר אַרויספּליסטערן

— עס האָט מיר שוין דערעסן ווי אַ שוואַרצער רעטעך.

— וואָס איז, נאַדזשקע, וואָס איז געשען ?

— אוי, אוי, די האַנט. די האַנט טוט וויי! — האָט נאַדזשקע זיך פאַר־ענטפערט און פאַרהויבן דעם אַרבל — איך בין געקומען אין באַלניצע, האָב איך פריִער געוואָלט זיין דאָ, זען זינקעלען.

— ביסט נאָך נישט געווען? — איז וואַליע געשטאַנען אַ דערשראָקענע פון דער געשווילעכץ אויף נאַדזשקעס האַנט.

— ניין, געמוזט אויפקלייבן דאָס עסן און געוואָלט זיך אַריינכאַפּן אייך זען — האָט זיך נאַדזשקע פאַרענטפערט.

— איז גיי גיכער. מען וועט דאָך באַלד פאַרמאַכן.

נאַדזשקע האָט זיך געכאַפּט, אַז עס איז שוין טאַקע זייער שפּעט. אַ פאַר־שולדיקטע, האָט זי זיך פאַרנומען צו דער גאַס, ווו עס איז געשטאַנען דער בייק און וואָגן.

— צאָב! — האָט זי אַ טרייב געטאָן און אַוועק נאָך אים.

— נאַדזשקע! — האָט וואַליע נאָכגעשריִען — נאַדזש, וועסט קומען פון באַלניצע אַהער?

— ניין! — האָט איר פּנים זיך געקרימט פאַר ווייטיק — איך קען נישט! איך מוז פאָרן גלייך אין סטעפּ, די אַרבעטער זענען דאָרט הונגעריקע, וואַרטן אויפן עסן!

— צאָב! פאָר גיכער! — האָט זי געיאָגט דעם בייק צוריק דורך דער ליי־דיקער גאַס, — צאָב!... ביסט מיר שוין דערעסן ווי אַ שוואַרצער רעטעך!...

**
*

אין אָוונט, נאָך דער אַרבעט, איז אסתר אַ מידע געגאַנגען פון זאַגאָט־זיערנאָ. גענומען האָט זי דעם זאַמדיקן וועג, הינטער די גערטנער. אין דער ליידיקייט אַרום, האָבן גאַנצע כמאַרים קאָמאַרעס זיך געדרייט אין דער לופטן. ווי געצויגן דורך אומזעבאַרע פעדעם, האָבן זיי קופּעסווייז זיך געהויבן אין דער הויך און צוריק זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק צום וועג.

נאָענט פון איר היים, האָט אסתר געהערט אַ גאַלאָפּ הינטער זיך און פאַר־שנעלערט איר טראָט. זי האָט גוט געוווּסט, אַז הינטער איר רייט פּעטיאַ.

— סטעראַ, וואָס איילסטו אַזוי? מיט פערד דיך נישט צו דעריאָגן.

— איך אייל... עס איז שפּעט... מיין מיידעלע וואַרט... דאָס קינד...

— איך פאַרשטיי. בלייב אָבער שטיין אַ ווײַלע, איך בין אויך אַ קינד.

— אַ קינד ביסטו טאַקע, אָבער שוין גאָר אַ היפּשעס און דאָס נישט מיינס.

ער איז אַראָפּ פון פערד.ביידע האָבן געשוויגן.

— איך מוז גיין, פּעטיאַ, איך בין מיד. איך מוז זיך אָפּרוען האָט אסתר אַ זאָג געטאָן אומגעדולדיק.

— וווּהין גייסטו רוען?

— וואָס הייסט וווּהין? צו זיך אַהיים.

— סטערא טייערע, פאַר וואָס ווינסטו מיט די אייעריקע צוזאַמען?

— עס איז מיר גוט מיט זיי.

— אָן זיי וואָלט דיר געווען בעסער, פיל בעסער.

— אָ ניין, איך קען נישט לעבן אַליין.

— וואָלסטו נישט געלעבט אַליין.

— אַזוי?... — האָט זי שטיל אַ זאָג געטאָן. איר פּנים האָט זיך פאַר־טונקלט.

— זיי דאָך נישט טרויעריק, סטערא, פאָלג מיך. טו ווי איך זאָג דיר. נעם זיך אַ באַזונדער שטוב. וועסט האָבן גענוג האָלץ צו באַהייצן. איך פאַרזיכער דיר. וועסט אויך נישט מוזן אַרבעטן אַזוי שווער. איז עס פאַר דיר אַן אַרבעט צו שלעפּן זעק? קענסטו זיין אַ גרוזשטשיק, שוואַרצאויגיקע סטעראָטשקאַ?

אסתר איז געשטאַנען פאַרקוקט אויף די פעלדער, ווי זי וואָלט גאָרנישט געהערט. אין דער אמתן האָבן פּעטיעס ווערטער איר צערודערט. זיי האָבן איר געפירט ווייט אויף צוריק. אַזעלכעס האָט זי שוין געהערט ריידן צו זיך. עפּעס איז עס געווען אַזוי און דאָך נישט אַזוי. נאָר דאָס שוין זייער לאַנג... און אפשר איז קיין מאָל גאָרנישט געווען. דאָך זעט זי ווי אַמאָל.. .אַמאָל... ווי לאַנג האָט עס דען געקענט זיין?

— סטעראָטשקאַ, וועמען זעסטו דאָרטן אויף די פעלדער? פאַר וואָס ווילסטו נישט הערן וואָס איך רייד צו דיר? ווידער פאַרקלערט זיך. שטענדיק דאָס

זעלבע. פאַרגעס דאָס אַלץ, וואָס איז אַוועק. גאָלובושקאַ, מען קען דאָך נישט אַנדערש. מיר זיינען דאָך לעבעדיקע מענטשן. צו וואָס דאָס אַריינטראַכטן? געדענק אָן זיך. ביסט דאָך נאָך אַזוי יונג.

אסתר האָט אים אָנגעקוקט, ווי זי זאָל וועלן זיך איבערצייגן אויף זיכער, ווער עס רעדט צו איר.

— ווייסט וואָס, לאָמיר מאָרגן פאָרן מיטן פערד אין וואַלד אַריין. מיר וועלן ברענגען האָלץ פאַר דיר אויף ווינטער. מיט מיר קענסטו דאָך פאָרן רויק, קיינער וועט אונדז נישט כאַפּן... מיט מיר וועט דיר קיינער נישט טאָן קיין שלעכטס.

— אַ דאַנק פּעטיאַ — האָט אסתר שנעל געענטפערט — איך דאַרף נישט קיין האָלץ. איך האָב געקויפט ביי אַ קאַזאַך... אויסגעביטן מיין מאַנס העמדער... זיי האָבן זיך נישט דערוואַרט אויף זיין קומען. דער קאַזאַך האָט זייער געוואָלט זיי האָבן, האָט ער ריזיקירט און געבראַכט האָלץ. איצטער וועט סיי מיר, סיי אים זיין וואַרעם... איך מוז שוין גיין... עס איז שפּעט.

זי האָט אויסגעזען שטרענג און צעקלעמט. זיך פאַרנומען צום וועג, אָפילו נישט באַמערקט אַז פּעטיאַ האָט איר אויסגעשטרעקט אַ האַנט.

— ביסטו בייז אויף מיר? גיסט מיר נישט דיין האַנט, לויפסט אַוועק אָן אַ זיי־געזונט.

— אַנטשולדיק, — זי האָט זיך פאַרדרייטלט.

פּעטיאַ האָט גענומען איר האַנט און זיך אָנגעשפּאַרט אָן פערד.

— לאָז אָפּ, איך בעט דיר, דאָס קינד וואַרט אויף מיר.

ער אָבער האָט נאָך פעסטער געהאַלטן איר האַנט אין זיינער. און ווען זי האָט אים אָנגעקוקט, האָבן פּעטיאַס אויגן געהאַט אַזוי פיל וואַרעמקייט, אַז זי איז צעטומלט געוואָרן, געוועזן זיינען זיי בלויער ווי שטענדיק און טיפער, גאָר טיפע זענען זיי געווען...

— אַזעלכע אויגן זע איך צום ערשטן מאָל — איז איר דורכגעפלויגן אַ געדאַנק. מיט אַמאָל האָט אַ צופרידענער שמייכל זיך צעגאָסן אויף זיין פּנים. אָט דער שמייכל, האָט איר דערמאָנט, אַז זי מוז דאָך אַרויסבאַקומען איר האַנט פון זיינער. זי מוז דאָך גיין... ערשט איצט האָט אסתר באַמערקט, אַז ער האַלט זי נישט. דערשראָקן האָט זי אים אָנגעקוקט און איז אַנטלאָפן. בעתן פאַרמאַכן דאָס טירל פון הויף, האָט זי געפילט, אַז ער קוקט איר נאָך. זי אָבער האָט זיך נישט אומגעדרייט.

ערשט אין שטוב, דורכן פענצטער, האָט אסתר געזען אים אַוועקרייטן מיטן וועג, פאַרביי די גערטנער.

עס איז שוין געווען טונקל. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער באַנק

און געבליבן זיצן. קיינער איז אין שטוב נישט געווען. עס האָט זיך געהערט דאָס זשומען פון אַ פליג, וואָס איז געקראָכן איבערן שויב. אסתר האָט געקוקט ווי פון צייט צו צייט האָט זי זיך אַ ריס געטאָן צו פליִען און צוריקגעפאַלן, געפּלאָנטערט זיך פון איין זייט רעמל צום צווייטן.

הינטערן שויב איז געלעגן דער וועג. דאָרטן האָבן זיך געדרייט די גערטנער מיט די פּלויטן, פּעטיאַ אויפן פערד און ווייט פאַר זיי דער סטעפּ. אַלץ האָט זיך צוזאַמענגעקנוילט, איינגעהילט אין אַ נעפּל. אסתר האָט געקוקט אָנגעשטרענגט.

דאָס איז אַלץ מחמת דעם שטויב, האָט זי געטראַכט, דער שטויב, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן פון פערדס גאַלאָפּ, שטערט אין זען...

— וואָס אייגנטלעך וויל איך דאָ זען?... וואָס קוק איך אַזוי?... — האָט זי זיך געפרעגט מיט פאַרדראָס. וואָס פאַראַ שייכות האָב איך מיט דעם פּעטיאַן? וואָס קוקט ער אַזוי? קוקט מיט זיינע בלויע אויגן... אַזעלכע טיפע זענען זיי... אין זיי האָב איך היינט דערזען אַ סוד... דערזען אַזעלכעס, וואָס נאָר איך מעג עס וויסן... ער נישט... קיינער נישט... נאָר דערוווּסט האָב איך זיך עס גאָר פון אים... פון זיין בליק... זי האָט זיך אָבער נישט גערירט פון אָרט. פּעטיאַ מיטן פערד זענען געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער. ביז מען האָט קוים געקענט באַמערקן אַ טונקעלן פלעק זיך דערווייטערן צום האָריזאָנט און נאָך דעם איז געוואָרן פּוסט. גאָרנישט האָט זי מער געזען אין שויב, נאָר דערפילט אַ רחמנות אויף זיך צו זיצן אַזוי אַליין ביים פענצטער.

— דאָס איז גאָרנישט... אַ פּרילינגדיקער אָוונט... — האָט זי זיך געטרייסט.

די נאַכט, אַ מילדע, איז שוין געהאָנגען איבער די צעגרינטע גערטנער. אין דער שטילקייט האָט מען געהערט, ווי זי נידערט אַראָפּ און פאַלט צו צו דער ערד.

— אין אַזאַ נאַכט נאָגט בענקשאַפט — האָט זי נאָך בעסער געפּרוווט זיך עס דערקלערן — דאָס איז די נאַכט אַזאַ...

# קאַפּיטל X

דער אָוונט שאָטנט איבערן שניי־פאַרהילטן דערפל. פון די דעכער און פּלויטן הענגען שנייִיקע צויטן. עס נעמט אַ ווייסער פראָסט.

נעבן אגאפיע סטעפּאַנאָוונעס כאַטע ליגט איר קודלאַטער הונט בוריק. די וואַרעמקייט, וואָס שלאָגט פון אים, באַדעקט זיין שוואַרצע פעל מיט אַ דינעם שיכט שניי. די פּאַרע, יאָגט אים פון מויל, פאַרפרירט און ציט זיך אין לאַנגע פעדים אַזש איבער זיינע אויגן. בוריק האָט פאַרלאָזט זיין בודע און טוליעט זיך צו דער טיר, שמעקט צו דער וואַרעמקייט פון שטוב.

אין דער אמתן איז שוין דאָרט אויסגעקילט. אויסגעהייצט האָט מען נאָך פאַרטאָג. אַגאַפיע טאַפּט דעם אויוון.

— קאַלט, ווי ביי אַ טויטן דער קאָפּ — זאָגט זי שטיל צו זיך אַליין.

זי כאַפּט אויף זיך דאָס פּעלצל, ברענגט אַריין פון הויף אַ זעקל קיזיאַקעס און לייגט עס אין אויוון טריקענען. נאָך דעם גייט זי אַרויס מיטן קאָראָמיסל נאָך צוויי עמערס וואַסער.

דער ברונעם אויפן הויף איז אין גאַנצן פאַרדעקט, מען זעט אים אַפילו נישט אַרויס. דער עמער איז געבליבן צוגעפרוירן צו דער ערד. אַ גלאַנציקער באַרג ציט זיך ווייט אַרום.

אַגאַפיעס טריט סקריפּען אין טרוקענעם שניי. זי קוקט אין אַלע זייטן, פאָרשט צי עס ווייזט נישט אויף אַ ווינט. אַ רעזיגנירטע, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, שפּאַנט זי צום אויסגעהאַקטן לאָך, וואָס איז ווייט, אַזש אויפן מיטן פון אָזיערע.

— אַ גוטן אָוונט האַפקע, גייסט זיך אַזוי און זעסט שוין גאָר נישט קיין אייגענעם?

— אַ גוטן אָוונט, גאַווּרילע, פאַרטראַכט זיך — פאַרענטפערט זיך אַגאַ־פיע — איך זוך אַ ווינט אין פעלד...

— יאָ, יאָ, איך וואַרט אויך אויף אַ ווינט... עס איז שטיל... מען זעט נישט... — זאָגט גאַווּרילע מיושבדיק, פאַרקוקט אין דער הויך.

— הערסטו, גאַווריִלע? האָסטו געזען נעכטן אויפגיין די לבנה? זי האָט פאַרשפּרייט אַזעלכע פּיאָלעטע פאַרבן אונטער די וואָלקנס, אַז איך בין געווען זיכער, עס וועט זיין אַ זאַוויערוכע. אויך מיין הונט האָט קאָנטיק געפילט אַן ענדערונג אין וועטער. ער האָט געקוקט אַרויף און אַן אויפהער געבילט. נו, און גאָרנישט.

אַ ווײַלע זענען ביידע געשטאַנען שווייגנדיק.

— קוק, אַגאַפּיע! — האָט גאַווריִלע זיך אָנגערופן הויך און געוויזן מיטן פינגער — שטעל זיך דאָ, נעענטער אַ ביסל, וווּ איך שטיי. דו זעסט, ווי די זון פאַרגייט הינטער דער צערקווע? עס ווייזט באַשיינפּערלעך אויף אַ ווינט...

— וואָס טויגן מיר די סימנים? — האָט אַגאַפּיע דערווידערט — וואָס טויג עס מיר, אַז קיין ווינט זעט מען נישט?

— דוכט זיך אַ קלייניקייט אַ ווינט, נו, און זוך אים, אַז דו דאַרפסט... נישטאָ. איך שטיי מיר, האַפּקע, אַזוי אויפן גאָרטן און קוק, ווי די זון פאַרנעמט זיך הינטער דער צערקווע. רויט ווי פייער, נאַ, קוק! שטעל זיך דאָ! וווּ איך! זעסט דעם צעבראָכענעם קרייץ? דעם צעהאַקטן קופּאָל, די פענצטער פאַר־קלאַפּטע מיט ברעטלעך, נו, קען עס גוט זיין? אוי האָספּאָדי, האָספּאָדי, צע־בראָכן, צעהאַקט אונדזער הייליקייט און געמאַכט פון דעם אַ שפּייכלער, אָנגע־לייגט דאָרט פול ווייץ... איז אַ וווּנדער, אַז דאָס ברויט פוילט, ווערט דאָרט צעפּאַרעט אינעווייניק און מיר, קאָלכאָזניקעס, זענען הונגעריק?

— אַרבעטסט טאַקע אין קאָלכאָז, גאַווריִלע?

— וואָס דען? איך אַרבעט. אַזוי לאַנג, עס האָט זיך געלאָזט, האָב איך געלעבט פון מיין באַלעבאַטישקייט. זענען זיי געקומען אָפּשניידן דעם גאָרטן. נישט לאַנג צוריק ווען עס איז אַרויס דער געזעץ פון פאַרקלענערן די גערט־נער ביי אַלע „יעדנאָליטשניקעס", וואָס גייען נישט אין קאָלכאָז אַרבעטן. דאָס האַרץ האָט מיר פאַרשניטן. ווי גיט מען עס אַוועק דאָס פּיצל ערד ביי דער כאַטע? און ביי וואָס בלייבט מען? בין איך אַוועק אין קאָלכאָז. איך אַרבעט איצטער ביי די בייקן אויף דער באַזע, אין סטעפּ.

— אַזוי גאָר, אַרבעטסטו אויך אין סטעפּ? — האָט אַגאַפּיע געזאָגט און זיך פאַרנומען אַוועקצוגיין. — מיין קליינע דאַרף טאַקע באַלד אָנפאָרן.

זי האָט זיך דערמאָנט, אַז נאַדזשקע קומט באַלד אַהיים. האָט געוויס זיך פאַרהאַלטן אויפן וועג, אַריינגעכאַפּט זיך אין וואַלד אָפּהאַקן עטלעכע ביימלעך. זי וועט פאַראייניִוועגס ברענגען אַ ביסל האָלץ. מען דאַרף צוגרייטן עפּעס עסן פאַר איר. נאָך בייטאָג האָט אַגאַפּיע אַריינגעשטעלט אין אויוון אַ ביסל ווייץ צום טריקענען. איצט דאַרף מען זיי אָפּשפּריצן מיט וואַסער און שטויסן אין סטופּע. זי וועט עס איבערזיפּן און אָפּקאָכן אַ ביסל קאַשע. זאָל זיך נאַדזשקע

דערוואַרעמען. קיין ברויט איז סיי ווי נישטאָ. נישטאָ אויך ווו צו מאָלן. ס׳איז שטיל מען זעט נישט קיין ווינט. — האָט אַגאַפּיע געטראַכט. גאַווריליע האָט אַ ווײַלע געשוויגן, נאָך דעם זיך אָפּגערופן.

— שטײַ, האַפּקע, דו גייסט שוין אַוועק? איך קלײַב זיך אַלץ מיט דיר אַ רעד צו טאָן.

— וואָס איז דען?

— וואָס איז, פּרעגסטו? וואָלסט געדאַרפט אַ ביסל אַכטונג געבן אויף דײַן נאַדזשקען, זי בושעוועט אַרום אין בריגאַדע, שלאָפט מיט אַלע מאַנצבילן.

אַגאַפּיע האָט אָפּגעגאָסן אַ קאַלטער שווייס. דאָס בלוט האָט איר אַ זעץ געטאָן אין פּנים. אָן אַ וואָרט האָט זי אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

גאַווריליע האָט באַמערקט איר פאַרדראָס און זיך פאַרענטפערט.

— פאַרשטײַ, אַגאַפּיע סטעפּאַנאָוונע — האָט ער גענומען רײדן ווייכער — מיר זענען שוין ביידע נישט קיין קינדער. איך בין דיר אַ גוטער פרײַנד און מײַן נישט, גאָט באַהיט, דיר ווי טאָן. זי וועט דיר אָבער אָנמאַכן קלאָפּאָטן. עס איז אַ שאָד די מויד. זי איז אַ געראָטענע, נאַדזשקע. און חוץ דעם, וואָס איז עס טאַקע פאַר אַ פּירעכץ? ווי פּאַסט עס?... אַ הייסע בלוט, בושעוועט עס... — האָט ער שטיל געזאָגט נאָך אַ ווײַלע שווײַגן — אַך, די בריגאַדע... די בריגאַדע...

אַגאַפּיע האָט שוין דעם קאָפּ נישט אויפגעהויבן.

— אַ דאַנק, גאַווריליע — האָט זי שטיל געזאָגט — גוט וואָס דו האָסט מיר דערציילט. איך וועל אַכטונג געבן.

פּאַמעלעך איז זי אַוועק, האָט מער נישט געקענט בלײַבן נעבן אים. אַ מיידלשע שעמעוודיקייט האָט זיך צעלייגט איבער איר אַלט, צעקנייטשט פּנים.

צוריק אַהיים איז שוין אַגאַפּיע געלאָפן. זי האָט אַרײַנגעלייגט שטיקלעך אײַז אין די עמערס, דאָס וואַסער זאָל נישט אַרויסשפּריצן און געיאָגט מיטן גאַנצן אימפּעט. עס האָט געברויזט אין איר.

צו גאַווריליען האָט זי גאַרנישט געקענט האָבן. ער איז אַ גוטער פרײַנד. קיין ליגן וועט ער איר נישט זאָגן. זיי קענען זיך נאָך פון קינדווייז אָן, איצט איז ער שוין אַ זיידע. אויך זי, אַגאַפּיע האָט שוין אייניקלעך. נאַדזשקע איז נאָך טאַקע גאָר יונג, האָט קוים פופצן יאָר. אַגאַפּיע האָט זי געבוירן גאַנץ לאַנג נאָך איר מאַנס טויט... אָבער דאָס איז שוין אַ פאַרגעסענע זאַך. עס איז שוין אויך לאַנג פאַרגעסן געוואָרן, אַז איר מאַן, וואָסיל, האָט איר אָנגעבראָכן די ביינער, ווען ער האָט זי געטראָפן מיט אים טאַקע, מיט גאַווריליען אין די בעבלעך אויף זייער גאָרטן. אַך, האָט ער זי דאַן געשלאָגן. אַגאַפּיע האָט גע־

שריַען פאַר ווייטיק. זי האָט געמיינט, אַז ער דערהרגעט זי אויף טויט. פון דאַן אָן איז זי שוין מערער נישט געגאַנגען...

איצט דוכט זיך איר, אַז אויך ער, גאַורילע, האָט זיך דאָס זעלבע דער־מאָנט און די חרפּה שטייגט אין איר צוזאַמען מיט אַ פּײַנלעכן פּאַדראָס אויף נאַדזשקען.

— אָט אַ זינדיקע — בורטשעט זי, אַראָפּלאָזנדיק די עמערס.

אין שטוב איז פינצטער און קאַלט. קיינער נישטאָ. סטעראַ, איר שכנטע מיטן קינד זענען געוויס געבליבן זיצן ביי קורילקען נעבן וואַרעמען אויוון. עס האָט אַגאַפיען אין גאַנצן אָפּגענומען דער חשק עפּעס צו טאָן, אַפילו אָנ־צינדן דאָס קורניקל. אין דער פינצטער איז זי אַרויפגעקראָכן אויפן אויוון.

ליגט זי און דער פּאַדראָס קאָכט אין איר ביז ווייטיק... מיט אַ מאָל דערהערן זיך טריט סקריפּען אין שניי, אַ קלאַפּערײַ, אַ טרעשטשען ביים טויער.

— מאַם! הא, מאַם! דו שלאָפסט? וואָס איז פינצטער? איז קיינער נישטאָ?

אַגאַפיע ענטפערט נישט.

נאַדזשקע הערט אויף שרייַען. זי בינדט צו דעם בייק צום פּלויט און קומט אַריין אין שטוב. זי איז אין גאַנצן פאַרפרוירן פון וועג.

אַגאַפיע קען נישט איינליגן. אַראָפּגעשלעפּט זיך פון אויוון, צינדט זי אָן דעם קורניקל. ביים שיין פון קליינעם פלעמל קוקט זי פון דער זייט, ווי די טאָכטער זיצט אַ רויטע פון פראָסט. אַ לעבעדיקייט שפּראָצט פון איר יונגן, פעסטן קערפּער, פון אירע גלאַנציקע אויגן. די חרפּה, וואָס אַגאַפיע איז נאָר וואָס אויסגעשטאַנען, טוט איר אויף ס׳ניי אַ זעץ אין האַרץ.

— זאָג מיר נאָר, בליאַד, אויסוווּרף — זאָגט זי אָפּשאַרנדיק דאָס פאַר־ברענטע קויל פון קנייטל — וואָס בושעווען אַרום מיט די מאַנצבילן?

נאַדזשקע שפּרינגט אויף ווי פון אַ ביס.

— וואָס האָט זיך דיר געחלומט אויפן אויוון? וואָס באַלבעסטו מיט דער צונג?

אַגאַפיע טוט אַפילו נישט אַ קוק אין איר זייט. זי פּאָרעט זיך אין ווינקל, געפינט אַ גראָבע, צונויפגעדרייטע שטריק, גייט פּאַמעלעך צו איר און הייבט פּלוצלינג אָן שלאָגן.

— דו צעבאַלעוועטע מויד, וואָס דו ביסט? דו וועסט אָנמאַכן דער מאַמען אַזעלכע חרפּות אויף די אַלטע יאָרן?!

— הער אויף שלאָגן! הער אויף! — שרייט נאַדזשקע ווילד און רייסט אַרויס די שטריק פון דער מאַמעס הענט.

נאָך מער אויפגערעגט כאַפּט אַגאַפיע נאַדזשקען ביי די האָר און רייסט מיט אַלע כוחות.

— לאָז אָפּ! — קלאַמערן זיך דעם מיידלס קרעפּטיקע הענט אין דער מאַמען

— וועסט באַלד ערגער מאַכן! ביסט פון זינען אַראָפּ?!

— בליאַד! אויסוווּרף! — שרייט אַגאַפיע אַ פאַרסאָפּעטע, פאַלט ווידער צו צום מיידל און זעצט מיט די פויסטן, וווּ זי טרעפט. נאַדזשקע רייסט זיך אַרויס און לויפט אַוועק אין דער קאַלטער קיך.

אַגאַפיע בלייבט זיצן אַ מידע. זי הערט דאָס קלאַפּן פון איר אייגן האַרץ, די כוחות פאַרלאָזן איר אין גאַנצן. דער כעס לעשט זיך, עס מינטערן איר אָבער די געשרייען, וואָס קומען פון יענער זייט טיר.

— וואַרט, אַלטע, וועסט שוין אַליין גיין אַרבעטן אין בריגאַדע. וועסט שוין נישט זיין קיין קאָלכאָזניצע און ליגן אויפן אויוון!

נאַדזשקע שרייט און הייסע טרערן קייקלען זיך איבער אירע געפרוירענע באַקן.

— איך וועל שוין מער נישט גיין צו דער אַרבעט. זאָל מען מיר אַרעסטירן! זאָל מען מיר פאַרשיקן אין „טרוד־אַרמיע“! מיר איז שוין אַלץ איינס!... אַלץ איינס!...

זי שטייט אין דער פינצטערער, קאַלטער קיך און זידלט צו דער פאַרמאַכטער טיר, וואָס טיילט זי אָפּ פון דער מאַמען. מיט אַ מאָל טוט זי אַ קלאַפּ מיט דער גאַס־טיר און לויפט אַרויס.

דאָס האָט זי זיך דערמאָנט אָן בייק, וואָס שטייט אַ דערפרוירענער אויפן הויף. אָפּגעפירט דעם בייק צו דער באַזע, איז זי צוריקגעקומען, אָן אַ וואָרט אַרויף אויפן אויוון. לאַנג האָט זי נישט געקענט זיך באַרויקן. עס האָט אין איר געברויזט דער כעס אויף דער מאַמען, אויף דער גאַנצער פאַרשאָלטענער וועלט און אויף זיך אַליין. נאָך וואָס בין איך געלאָפן אין בריגאַדע? — האָט זי זיך אַליין געפרעגט.

ביסלעכווייז האָבן זיך אירע גלידער דערוואַרעמט, דאָס שטעכן האָט אויפגעהערט. איר איז געוואָרן אַזוי גוט, ווי זי וואָלט געלעגן ביי וואַליען אויפן אויוון. זי דערהערט ווידער אַ געזאַנג... מאָדנע. זי האָט גאָרנישט מורא... דאָס פאָרן דאָך יונגע כלאָפּצעס פאַרטרייבן די פאַרשאָלטענע דייטשן... נאַדזשקע יאָגט זיי נאָך. דאָס לויפן איז איר שווער... זי שלעפּט נאָך זיך דעם בייק פאַרן שטריקל. קוים מיט מאַטערניש זיך אַרויפבאַקומען. זיי פאָרן שוין אין גרוזאָוויק מיטן טראַקט. עס איז גוט. זי קוקט נאָכאַנאַנד צו וואַליעס כאַטקע, כאָטש נאָך איין קוק געבן אויף זינקעלען. מען זעט איר נישט... דער גרוזאָוויק פאָרט שנעל, נאָך אים אַ צווייטער, אַ דריטער, עס ענדיקט זיך גאָרנישט די ריי פון די לאַסטאויטאָס... דער בייק שטייט נעבן איר און קוקט מיט אַזוי פיל צער ווי מען וואָלט אים געפירט אין בוינע. זיינע אויגן זענען אים פאַר־

לאָפּן מיט טרערן. ער וויינט ווי אַ מענטש, אַז עס דריקט איר ביים האַרצן. פאַר האַרצווייטיק וועקט זי זיך אויף. די מאַמע ליגט אויפן אויוון, שלאָפט און פּילט נישט, ווי זי דריקט אויף איר. נאַדזשקע רוקט זיך אָפּ, דרייט זיך איבער אויפן אַנדערן זייט, אָטעמט אָפּ פרייער און שלאָפט ווידער איין.

אַ גאַנצע נאַכט האָט אַגאַפּיע געקרעכצט, עס האָבן איר געבראָכן דיביינער. דער קאַלטער אויוון האָט איר אויסגעוויזן האַרטער ווי שטענדיק. ס׳איז נאָך געווען פינצטער, ווען זי איז שוין אַראָפּגעקראָכן, אויפגעלייגט פייער. זי דאַרף נאָך צוגרייטן עטלעכע וואַרעניקעס אָפּצוקאָכן פאַר נאַדזשקען. זי וויל עס נאָך באַוויזן, איידער דאָס מיידל וועט אָפּפאָרן אין סטעפּ.

איבער נאַכט האָט זיך אַגאַפּיעס כעס אויסגעוועפּט. אַ רחמנות איף דער טאָכטער קלעמט איר דאָס האַרץ, אַז זי וואָלט זיך אַליין עפּעס שלעכטס געטאָן.

— אַזאַ ביטערע קעלט, דאַרף דאָס קינד פרירן אין סטעפּ. אוי האָספּאָדי, האָספּאָדי, ווי לאַנג וועסטו נאָך אונדז אַזוי מוטשען?

אַגאַפּיע רעדט און קוקט צו סטערען, וועמען זי האָט נאָר וואָס אויפגעוועקט פון שלאָף. זי זעט בפירוש, אַז איר גאַנצער האַרצווייטיק גייט יענער גאָרנישט אָן.

אסתר זיצט אַ פאַרשלאָפענע, האַלט אַ קאַרטאָפל אין דער פאַרפרוירענער האַנט צום שיילן. זי אײַלט זיך צו, וויל באַוויזן אָפּצוקאָכן, איידער דאָס פייער אין אויוון גייט אויס.

אין קיך איז פינצטער. קיין פלאַם אין אויוון זעט מען נישט. עס טליִען בלויז די טונקעלע קוילן פון די אויסגעברענטע קיזיאַקעס. זי ווייס נישט, וואָס האָט זי זיך אַזוי געאײַלט די באַלעבאָסטע, וואָס איז זי היינט אויפגעשטאַנען אַזוי פרי און וואָס גייט זי אַרום איבער דער קיך און בורטשעט אַן אומצופרידענע.

אסתר אײַלט זיך. די קאַרטאָפל ציטערן אין אירע הענט. איינס נאָכן צווייטן פאַלן זיי אויף דער ערד און זי זוכט זיי אין דער פינצטער.

— סטערע, וואָס דרייסטו זיך דאָ אַרום אַזוי ווי אַ הילצערנע? אָט אַן אָנשיקעניש! שטעל צו די פּאָר קאַרטאָפל און הער מיר אויף צו דערעסן! עס איז דאָך פשוט נישט אויסצוהאַלטן!

אסתר איז וואַך געוואָרן. כאָטש זי האָט גוט געקענט אַגאַפּיען, אַז גלאַט אַזוי, פאַר גאָרנישט האָט זי פּלוצלינג געקענט זידלען, האָט איר אָבער דער ברוך הבא אויפן ניכטערן פרימאָרגן אין גאַנצן צעמישט. ווי מען וואָלט איר פּלוצלינג געגעבן אַ גאָס אָפּ, האָט זי אָנגעקוקט אַגאַפּיען, געזוכט אַרום זיך. געוואָלט דערזען איר חטא און אַרויסגעפּלאַצט מיט פאַרדראָס:

— וואָס איז, כאַזאַיקע? וואָס האָב איך דיר געטאָן, וואָס דו שרייסט

אַזוי? — איז זי געבליבן שטיין אַנטקעגן און געקוקט איר אין פּנים אַרײַן מיט כּעס.

— וואָס קוקסטו ווי אַ ליימענע? האָסט מיר גאָרנישט געטאָן! טאָפּטשעסט אַרום ווי אַ בלינדער פערד פאַר מײַנע פינצטערע אויגן!

אסתּר האָט אַ הייב געטאָן די נישט־געשיילטע קאַרטאָפל, אַ לייג גע־טאָן אויפן טיש און אַרויס פון קיך.

אַ בייזע האָט אַגאַפּיע זיך געפּאָרעט ביים אויוון און נאָכאַנאַנד געבור־טשעט:

— אַזאַ קעלט... אַזאַ קעלט... פרירט אין סטעפּ... אוי, האָספּאָדי, האָס־פּאָדי, ווי לאַנג וועסטו אונדז נאָך שטראָפן?...

עס האָט שוין געגרוינט, ערגעץ ווו האָבן הענער געקרייט. קוים מען האָט זיי געהערט.

נאָדזשקע האָט זיך נאָכאַנאַנד געריסן פון שלאָף. אָט הערט זי דער מאַמען וואָרטשען אין קיך און וויל נישט אַראָפּקריכן פון אויוון. נישט געדאַרפט קומען, טראַכט זי און טוט האַסטיק אַ שפּרונג אַראָפּ.

— צייט אין סטעפּ — זאָגט זי שטיל צו זיך אַליין.

גיך קעמט זי די האָר. מאַכט גלייך אויף זיך דאָס קליידל, אין וועלכער זי איז געשלאָפן און טוט אָן די פּופּייקע. זי וואַרפט נאָך אַ בליק צו דער טאָר־בעלע עסן, וואָס ליגט פאַר איר צוגעגרייט אויפן טיש. לאָזט עס ליגן, גייט אַרויס און פאַרקלאַפּט נאָך זיך די טיר אָן אַ גוטן טאָג.

— אקאיאנא! — שרייט איר אַגאַפּיע נאָך — איך וועל דײַן צעיושעט בלוט אָפּקילן! איך וועל דיר דײַנע געננג אַרויסשלאָגן! אַ מענטש וועסטו מיר זײַן אַזוי ווי דײַן מאַמע!

זי שרייט אַלץ העכער, וויל אירע געשרייען זאָלן גרייכן צו דער טאָכטער. זיי זאָלן זי פאַרהאַלטן. עס איז איר מיט אַ מאָל אַזוי לײַדיק געוואָרן, כאָטש שריי צו די ווענט.

זי האָט פאַרבונדן דאָס טיכל אויפן קאָפּ און אַ טרויעריק פאַרטראַכטע געבליבן זיצן אַליין אין קיך ביים פאַרמאַכטן אויוון.

— אַ רחמנות דאָס מיידל... ווען זי, אַגאַפּיע, איז געווען אין אירע יאָרן, טראַכט זי, איז פאָרט אַנדערש געווען. זעכצן יאָר, יאָ, זעכצן יאָר אי זי אַלט געווען. זי האָט געדינט ביים פּריץ, ווען איר וואַסיל איז אָנגעקומען אַלס פאַראָבעק. אין אַ יאָר אַרום האָבן זיי שוין בײַדע חתונה געהאַט. אַנדערע צייטן געווען. ריזיקע סטאַדעס האָבן זיך געפּאַשעט אין די סטעפּעס... טאַבו־נען פערד האָט ער געהאַט, דער פּריץ. אויף ווינטער פלעגט מען זיי פאַר־טרייבן אין די שטאַלן. ווער האָט געוווּסט זייער צאָל? ווער האָט זיי געציילט?

פֿאַר חגא האָט יעדער פֿאַראָבעק געפֿונען אַ געשאָכטענעם שעפּס נעבן זיין טיר. זאַטע יאָרן געווען.

שפּעטער די רעוואָלוציע. געשלעגן. איר וואַסיל איז אַ גאַנצער נאַטשאַל־ניק געוואָרן. ער האָט עס גאַנץ גלייך פֿאַרשטאַנען: דער פּריץ האָט אַזוי פֿיל און מיר גאָרנישט. די סטעפּעס געהערן אונדז אַלעמען. דאָס ברויט זייען מיר, דאַרפֿן מיר זיין די באַלעבאַטים.

אַגאַפּיע דערמאָנט זיך וואַסיליס רייד און אַ ביטערער שמייכל קרימט אויס איר פּנים.

— אונדזער קאָלכאָז, אונדזער ביטערע דאָליע. — רעדט זי שטילערהייט, צו זיך אַליין. — אויסגעגלייכט. שוין גוט. אַלע האָבן גאָרנישט. נישטאָ קיין ריזיקע טשערעדעס. נישטאָ די טאַבונען פֿערד, וואָס פֿלעגן פֿול מאַכן די סטעפּעס. אָרעמע בהמה, אויף דיר נעבעך פֿאָרט מען, נאָך דעם, ווי מען ציט דיר גוט דיין מילך פֿון אייטער. אָרעמע בהמות, אָרעמע... — האָט אַגאַפּיע געמורמלט. ביז זי האָט ווידער געכאַפּט דעם פֿאָדים פֿון איר טראַכטן:

— אַפֿילו דאָס פֿלעשל בראָנפֿן, וואָס מען קריגט מיט צרות אין „סיעל־פּאָ״, טאָר מען נישט טרינקען. מען מוז עס האָבן אויסצובייטן ביי אַ נאַטשאַלניק אויף אַ געגנבעטן פּוד ברויט. אָט אַ לעבן...

אַגאַנצן טאָג קען זיך אַגאַפּיע נישט געפֿינען קיין אָרט. נאָר זי קוקט צום דרויסן. און פֿון די פֿאַרפֿרוירענע שייבלעך, פֿאַלט איר בליק אויפֿן פּעקעלע עסן, וואָס ליגט אויפֿן טיש.

— נישט גענומען, אַוועקגעפֿאָרן אַ הונגעריקע!

זי טוט אָן דאָס פּעלצל און גייט אַרויס אין דרויסן. שטייט, קוקט צום פֿאַרשנייטן וועג, וואָס פֿירט צו דער באַזע אין סטעפּ און קערט זיך צוריק. קומט א דערפֿרוירענע, מיטשלעפּנדיק נאָך זיך כוואַליעס קעלט אין שטוב אַריין. ענדלעך נעמט זי אַרויס די שפּין־ראָד און זעצט זיך אַוועק נעבן איר.

— מען דאַרף אויסשפּינען די וואָל פֿון הונט און מאַכן אַ פּאָר וואַרעמע הענטשקעס פֿאַר נאַדזשקען. עס איז קאַלט. זי פֿרירט, דאָס מיידל...

# קאַפּיטל XI

שטייט די שפּין־ראָד אין מיטן שטוב. ווי נאָר אַגאַפּיע האָט אַ פרייע מינוט, זעצט זי זיך צו. זי שפּינט די וואָל פון הונט. נאָך אין פרילינג האָט זי אים אָפּגעשוירן. נעצט די פינגער ביים מויל און ציט דינע פעדים. אָפּט טוט זי אַ זיפץ און קרעכצט לאַנג נאָך. שאָקלט מיטן קאָפּ. שפּאַרט זיך מיט זיך אַליין איבער עפּעס. ביז עס ווערט איר קאָנטיק נמאס דאָס טענהן אויף שטום לשון און זי הייבט אָן ריידן שטיל. צו זיך אָדער צו אסתרן, וואָס זיצט היג־טערן אויוון, אין טונקעלן ווינקל. פון דאָרטן טראָגט זיך אַ פליסטערן.

— שוין וואָכן קיין ברויט נישטאָ אין שטוב — קלאָגט זיך אַגאַפּיע — גיי דריי כסדר אויף דער זשאָרנע און צעטאַכלעווע דאָס ביסל ווייץ... אַ צייט... אַפילו אַ ווינט איז מען זשעדנע...

זי הייבט זיך אויף פון אָרט, צלמט זיך פאַר דער איקאָנע. בלייבט שטיין פאַרטראַכט פאַר דער פאַרפרוירענער שייבל און קוקט צום בלינדן דרויסן. מען זעט גאָרנישט. כוקעט זי לאַנג איר וואַרעמען אָטעם אויף איין אָרט און דאָרטן ווו דאָס אייז לאָזט נאָך, פאַלט זי צו מיט איין אויג.

— קוק נאָר, סטערא — רופט זי — מען הייצט ביי קורילקען! זע נאָר ווי דער רויך גייט. איך קען שווערן אַז עס וועט באַלד זיך אויפהייבן אַ ווינט. אַנוקאַ, טו נאָר אַ קוק!

איצט הערט מען דייטלעך אסתרס קול:

— זיץ איטעלע, איך טו נאָר אַ קוק וועל איך דיר ענדיקן דאָס מעשהלע.

אסתר קוקט און זעט גאָרנישט. שווייגט.

אַגאַפּיע כאַפּט איר פּעלץ. צלמט זיך ווידער. דעם מאָל זייער גיך. זי אַנטלויפט. ביים טיר שרייט זי נאָך אויס:

— קום צו גיין אויף דער מיל סטערא, ער איז דאָ, דער ווינט!

— נו, דערצייל מאַמע, איז וואָס ווייטער געווען — בעט איטעלע.

— יאָ... — איז אסתר אומגעדולדיק — און דאָס איז דאָס גאַנצע מעשה־לע... דאָס גוט ייִנגעלע, האָט אַוועקגעלאָזט דאָס פייגעלע. איז עס אַנטלאָפן

אין וואַלד אַריין. אַ שטעקעלע אַריין און אַ שטעקעלע אַרויס און די מעשה איז אויס...

אסתר שלאָגט זיך מיט דער דעה און קען זיך נישט באַשליסן. זי דאַרף נייטיק גיין אויף דער מיל. דאָס קינד איז פאַרן איינשלאָפן. לאָזט זי נישט אָפּ. עס ווערט נאַכט, שפּעט.

אין דרויסן הערט מען שוין הוזשען דעם ווינט. עס רוישט אין קוימען.

— הערסט, מאַמע, מען שרייט אין גאַס.

— נאַריש מיידעלע, דאָס שפּילט זיך דער ווינט.

— איך וויל נישט ער זאָל זיך שפּילן.

— איז שלאָף איין, מיין קינד. אָט אַזוי, דעק זיך גוט איין. עס איז די צייט צו שלאָפן. און לאָז דעם ווינט זיך שפּילן. וואָס אַרט עס דיר? מענטשן דאַרפן מאָלן ווייץ.

— לייג זיך אויך דו מיט מיר. קוק, מאַמע, ווי מיינע פיס זענען קאַלט. קום, מאַמעלע, וועסט מיר זיי אָנוואַרעמען!

— איך וועל דיר נאָך בעסער איינדעקן, איטעלע. אָט אַזוי... ליג און שלאָף. איך וועל בלויז אויף אַ קליין ביסעלע, צוכאַפּן זיך אויף דער מיל און גלייך ברענגען מעל...

— נישט איצטער, מאַמע, מאָרגן!

— מאָרגן וועט שוין דער ווינט נישט שפּילן. איז ווו וועלן מיר בעמען מעל?

דאָס קינד פאַרקרימט זיך צום וויינען. — איך וויל נישט, זאָלסט גיין!

— הער, איטעלע, ביסט דאָך אַ קלוג מיידעלע. ליג רויק און איך וועל דיר וואָס דערציילן:

— דערמאָנסט זיך זומער? עס איז געווען וואַרים... מיר האָבן געהאַט אַ פולע טאָרבע מעל. זענען מיר געפאָרן אין וואַלד, קלייבן קלובניק... וואָס פאַראַ גוטע פּיעראָזשקעס מיר האָבן געבאַקן...

— מיר זענען געפאָרן צו דער היים פון די ביימער... אין זייער היים איז נישטאָ קיין באַלקן, נאָר אַ הימל.

איטעלע ווערט פריילעכער — דערצייל מאַמע, דערצייל — בעט זי זיך.

אסתר קוקט אַרום זיך אין אַ פאַרלעגנהייט. אויב גיין, איז נישטאָ אויף וועמען אָפּצולייגן. דער ווינט אין דרויסן שטייגט. ווען דאָס קינד זאָל איינשלאָפן, טראַכט זי און דערציילט גאָר שטיל:

— עס איז וואַרעם... די זון שיינט. אַגאַפּיע שפּאַנט איין פערעסטן אין דער גרויסער טשעלעגע. מיר לייגן אַרויף דעם עמער... אַ שיסל... אַ קליין שיסעלע... אַ קליין...

— און דעם גרויסן קרוג, וואָס דו האָסט געבראַכט, דער באַבעביילעס קרוג!

— שאַ, מיין קינד, שלאָף... יאָ, דער באַבע ביילעס קרוג... אויב דו וועסט נישט שלאָפן, וועל איך אויפהערן דערציילן.

— דערצייל מאַמע, דערצייל. וועל איך אַריינגעמען דעם שלאָף אין די אויגן...

איטעלע מאַכט אַ באַוועגונג מיט די הענטלעך, ווי זי זאָל עפּעס אַריינלייגן אין די אייגלעך. זייערע אָפענע שפּעלטעלעך קוקן אָבער צו דער מאַמען.

— נעמט מען דעם גרויסן קרוג. איטעלע זיצט אויפן וואָגן. אַגאַפּיע ציט פּערעסטעטן פאַרן שטריקל און מען פאָרט... מיר קומען צו די קליינע לעפּיאָנקעס. די קליינע קאַזאַכעלעך, לויפן פאַרביי די ווייץ־פעלדער. און מיר פאָרן... און פאָרן... שלאָף איטעלע, שלאָף איך דערצייל...

קומען מיר אויף דער גרויסע פּאָלאַנע, וואָס ליגט אין שאָטן פון וואַלד. עס ווערט קיל, אַ מחיה. דאָ ברענט שוין נישט אַזוי די זון. מיר האָבן איר איבערגעלאָזט אויף יענעם זייט. איטעלע קריכט אַראָפּ פון טשעלעגע און באַהאַלט זיך אין הויכן גראָז. זי צעשאַרט אים מיט די הענטלעך און צווישן זיי געפינט זי גרויסע יאַגדעס, קלובניק. דאָס מיידעלע ליגט אַ רויטינקע, אַ פאַרשוויצטע און מיטן מיילעכל בייסט זי די יאַגדעס פון שטענגל אַראָפּ. זי רייסט זיי גאָרנישט מיט די הענטלעך... דעק צו מיין קינד, די הענטעלעך... דעק זיי צו... עס איז קאַלט...

איטעלע איז שוין שטאַרק שלעפעריק. פילט אָבער, אַז זי דאַרף בלייבן אַליין און קעמפט מיטן שלאָף.

— און אַז דו וועסט אָפּמאָלן די ווייץ, וועט זיין מעל?

— יאָ, מיין קינד, וועט ווערן וואַרעם, וועט אַגאַפּיע איינשפּאַנען פּערעסטען... איטעלע שמייכלט מיט פאַרמאַכטע אייגלעך.

— מיר וועלן אָנקלייבן אַ פולן קרוג מיט קלובניק...

— איך וויל נישט שלאָפן — רייסט זיך אויף דאָס קינד און זעצט זיך אַוועק — איך וויל שלאָפן מיט דיר!

— גוט, איטעלע, אָבער לאָז מיר ענדיקן דאָס מעשהלע ביזן סוף... איז ווו האַלט איך? דער שניי איז שוין נישטאָ... שפּאַנט אַגאַפּיע איין פּערעסטען. מיר פאָרן ביזן גרויסן וואַלד. דער הויכער גראָז איז פריש. שמעקט... און צווישן אים רויטער קלובניק... פול... פול... אַזעלכע זאַפטיקע, זיסע יאַגדעס...

אסתר הערט זיך צו צום ווינט, וואָס וואָיעט אין דרויסן. זי קוקט מיט אומרו ווי עס ווערט אַלץ טונקעלער.

איטעלע שלאָפט. אסתר איז נישט זיכער און רעדט שטיל, מורמלט נאָכ־אַנאַנד דאָס זעלבע:

איטעלע ליגט אויפן גראָז... אין גאַנצן פאַרשטעלט, איינגעדעקט. קוים מען זעט זי אַרויס און מיטן מיילעכל בייסט זי די יאַגדעס פון שטענגל אַראָפּ. די מאַמע קלייבט זיי אין קרוג. שוין, ער איז פול... דאַרף מען אים צודעקן מיט אַ בלאַט. ווו וואַקסן די באַבקע־בלעטער?... סאַראַ גרויסע באבקע־בלע־טער עס וואַקסן אין סטעפּ...

אסתר הייבט זיך אויף אויף די שפּיצן פינגער. טוט אָן דעם פעלץ און לויפט. שוין פון נעבן טיר, קערט זי זיך צוריק, דעקט בעסער איין דאָס קינד. איבערציייגט אַז די קליינע שלאָפט, גייט זי אַרויס פון שטוב.

***

דער טונקעלער אָוונט איז צעלייגט איבער דער ווייסקייט. נעמט אַרום דאָס דאָרף. ווייט, ווו דאָס אויג קען נאָר גרייכן, האָט זיך האַסטיק אַרויפגע־וואָרפן דער ווינט. מיט אימפּעט הייבט ער די שנייען אין דער לופטן, טראָגט זיי פאָרויס און פאַרווישט יעדן שפּור פון וועג. ווי כוואַליעס אויף אַ צעשטור־רעמטן ים, טראָגן זיי קופּעס שניי, קוילערן זיך איבער דער אויבערפלאַך. מיט אַ ווילדער דרייעניש פאַלן זיי צו ביז די ווענט פון די כאַטקעס און פאַרשיטן זיי הויך, איבער די דעכלעך. דער בוראַן כאַפּט אונטער די בערג שניי און טראָגט זיי העכער, העט־ווייט אין אָפענעם סטעפּ אַרויס.

אונטער די בערג בלייבן שטילע, איינגעטוליעטע די כאַטקעס אָן אַ צוטריט צו זיי, פאַרשאָטן די טירן, די פענצטערלעך. יעדעס כאַטקעלע אַ באַזונדער וועלטל פאַר זיך.

אסתר גייט גיך, געטריבן פון איין פאַרלאַנג — שוין זיין אויפן אָרט. די זווינט־מיל איז אָבער ווייט הינטערן דאָרף. אויף אַ קליינעם היגל, דאָרט ווו די ווינטן יאָגן פריי.

זי איז איינע אַליין אין צעשטורעמטן סטעפּ. מיט אַ מאָל דערהערט זי טריט הינטער זיך. פאַרלאַנגזאַמערט זי איר טראָט. אויך די טריט הינטער איר ווערן לאַנגזאַמער. דער נאָכגייער דערנענטערט זיך נישט.

זאָל מען גיין — טראַכט אסתר און וויל באַהערשן די שרעק אין זיך.

— שרעקן זיך פאַר אַ מענטש? אַ חרפה! — נעמט זי זיך איין, ווי זי וואָלט גערעדט צו איר טעכטערל. — אָ, עס גייט אַ מענטש אויף דער מיל. אַ מענטש ווי דו. ער וויל אָפּמאָלן ווייץ אויף דער מיל. ניין, נישטאָ זיך וואָס צו שרעקן.

זי וויל נישט נאָכגעבן איר שוואַכקייט. אַפילו נישט אומדרייען זיך אַ

קוק טאָן, ווער עס גייט. וואָס איז איר דער אונטערשיד? — זאָגט זי זיך. דאָך פאַרשנעלערט זי דעם טראָט. „איך מוז זיך דאָך איילן — פאַררעדט זי זיך אַליין — איך מוז דאָך גיכער זיין אויף דער מיל"... זי איז אָנגעשפיצט, הערט בפירוש, אַז אויך דער נאָכגייער נאָך איר פאַרשנעלערט דעם טראָט...

עס ווערט איר הייס. זי שטעלט זיך אָפּ. זוכט כלומרשט דעם וועג. אויך דער נאָכגייער שטעלט זיך אָפּ... די שרעק וואַקסט אין איר: וואָיען עס נאָר ווינטן? הערט זי נישט קיין געלויף נאָך זיך? גאָר נאָענט הערט זי דאָך טריט.

אין גאַנצן נישט באַהערשט, טוט זי זיך אַ דריי־אויס אויף צוריק. דער רוים איז געדיכט פון צעבלאָזענעם שניי, מען זעט אָבער נישט קיין לעבע־דיקן נפש. אַ גרוי דרייעניש נאָך איר פונקט ווי פאַר איר. קיין סימן פון קיין נאָכגייער. בלויז שניי. אַרום און אַרום שניי.

זי פאַרנעמט זיך ווידער אין וועג. אין דער גרויקייט פאַר איר זעט זי דאָס באַוועגן פון טונקעלע פלעקן אין דער הויך. דאָס דרייען די פליגלען פון מיל. זי הערט נאָך אַלץ די טריט הינטער זיך. מיט דער נאָענטקייט פון מיל ווערט איר היימלעכער. זי דערפילט אַ דערלייכטערונג און טראַכט רויקער. איצט פאַרשטייט זי שוין. אַ האַרטער, אַ פאַרפרוירענער, קלאַפּט דאָס איר פעלץ אין די וויליאַקעס נאָך יעדן טראָט, וואָס זי גייט.

איצט דערפילט זי די קעלט. איר וואַרעמער אָטעם האָט איבערגעלאָזט פּול אייז אויפן טיכל אַרום האַלדז.

די פליגלען איבער דער מיל ווערן דייטלעך, מען זעט זיי שוין אין דער גאַנצער גרויס. מיט געררויש שניידן זיי די לופט.

אסתר קלאַפּט אָן. אין טיר ווייזט זיך דער אַלטינקער פּאָפּאָוו.

— מאָלאָדיעץ, סטעראַ, אַזאַ ווינט, אַזאַ דרייעניש! האָסט זיך דאָך דער־קליבן.

פּאָפּאָוו לאָזט זי אַריין אין מיל און פאַרריגלט דאָס טויער נאָך זיך.

דעם מילנערס קליין חדרל איז אָנגעפּאַקט מיט וואַרטנדיקע. אסתר עפנט דאָס טירל. אַ געלער פּאַס שיין פאַלט אַריין אינעווייניק. עס טוט אַ שלאָג מיט געדיכטן רויך פון מאַכאָרקע, וואָס פילט אויס דאָס גאַנצע חדרל פון אונטן ביזן נידעריקן באַלקן.

— ווען נאָך האָט דער ווינט געבראַכט? — רופט עמעץ פון אַ ווינקל.

— אַ פאַרשאָטענעם מיט שניי, מען זעט נישט קיין פּנים פון קיין מענטש.

— דאַן לאָמיר הערן אַ קול, דערציילט אונדז, וואָס זאָגט דער ווינט?

— ער האָט דיך געלאָזט גריסן, — מישט זיך אַריין מאַרוסיע — אַ מענטש איז אַריינגעפאַלן אַ דערפרוירענער און דיך שטופּט דער נאָר צו לאַכן.

— אַ גוטן אָוונט! — האָט אסתר אויסגערופן, און געוויקלט דעם שאַל פון האַלדז — אייך איז קאָנטיק לאַנגווייליק.

אָנגעשטרענגט האָט זי געקוקט צום דיל, ווו אַלע זענען געזעסן.

— אָ, דאָס איז סטעראַ — האָט אַגאַפּיע זיך אָפּגערופן. זי האָט דערקענט איר קול. — קום אַריין. נאָר פּאָרזיכטיק, טרעט נישט קיינעם אויף די פּיס. מיר ליגן דאָ ווי הערינג אין אַ פּעסל.

— ווער זיצט עס דאָרט נענטער? באיאַן? נישקשה, קענסט גיין דרייסט. ער איז האַרט ווי אַ שטיין. אַז ער זאָל דערפילן, דאַרף מען אָנטרעטן אַזוי...

— כאַפּ נישט קיין פּיש אין מוטנע וואַסער, וואַסיליכע, און אַז דו ביסט בייז אויף אים, מיינסטו דאַרף מען שטענדיק געדענקען אַ שטאָך צו טאָן?

דאָס האָט אַגאַפּיע זיך אָנגענומען באיאַנס עוולה.

— סטעראַ, האַרץ, פאַרמאַך שוין די טיר — בעט זי — דו לאָזט אַריין די קעלט.

— שטופּ זיך אַהער. אָט דאָ נעבן מיר, וועסט זען, דיר וועט זיין ווייך און וואַרעם!

— אַהער! אַהער! טו אַ פלי און פאַל אויף מיר — שטרעקן זיך די הענט כלומרשט זי צו כאַפּן.

— פּאָרזיכטיק, וועסט מיר די אויגן אויסשטעכן.

נאָך אַ ווײַלע קוקן אין דער פינצטער, הייבט אסתר אָן אויסטיילן קעפּ, פאַרוויקלטע אין שאַלן, היטלען איבער בערדיקע פּנימער.

האַרט נעבן אירע פּיס, דערציילט עמעצער פאַרטרויליך, לייגט נישט קיין אַכט אויף דער הייטערקייט, וואָס אסתרס דערשיינען האָט אַרויסגערופן.

— מיינסטו, איך האָב היינטיקן האַרבסט זי ווידער נישט געכאַפּט מיט מיינעם?

— אַך, אַ צעלאָזענע, אַ זינדיקע דאָס איז. — קומט אַן ענטפער, און נאָך דעם אַ לאַנג טשמאָקען מיט די ליפּן. קאָנטיק, אַז די גאַנצע מעשה האָט זייער שטאַרק געווירקט.

פון ערגעץ פאַלט אַ שפּיי. אַ ברענענדיקער פּאַפּיראָס טוט אַ שיין אויפן פּנים פון רויכערער און פאַרטונקלט זיך.

פון צווייטן עק חדרל הערט מען ביעלאָגלאַזעוון עפּעס דערציילן מיט התפעלות:

— אַ נס זי האָט געהאַט שוועבעלעך אין שטוב, האָט זי אָנגעצונדן א קופּע שטרוי. אפשר דריי וועלף זענען געווען. איינעם האָב איך אַליין געזען. זיי וואָלטן אַוועקגעשלעפּט דאָס קאַלב, אַ האָן וואָלט נישט אַ קריי געטאָן.

טראָץ אַלעמענס רעדן, הערט מען גאָר שטיל אַ פליסטערן, אַן איינגעהאַלטענעם געלעכטערל און שושקעריי.

דעם אַלטן קיריאַקאָוו, וועמען מען רופט נאָך אַלץ לויט זיין אַמאָליקער פּראָפעסיע, אָרגאַניסט, געפעלט שטאַרק נישט דאָס אויפפּאַלנדיקע שושקען זיך אין סאַמע ווינקל פון פינצטערל חדרל.

— פע! — טוט ער הויך אַ זאָג — עס האָט דאָך גאָר קיין אויסזען נישט. בררר... עס קערט די גאַל. אין גאַנצן נישט מענטשלעך...

— מאַך זיך נישט קיין צרות, נאָך גוט עס איז אַזוי, דיעדושקאַ קיריאַקאָוו. עס זאָל האָבן אַן אויסזען און זיין מענטשלעך, קען עס נאָך בעטן עסן...

אַלע לאַכן הויך. קיריאַקאָוו לאָזט אָבער נישט אָפּקומען מיט דער חכמה.

— פּאָפּאָוו! האַ, פּאָפּאָוו! — שרייט ער — סטעראַ, עפן די טיר, שטייסט דאָרטן דערנעבן! פּאָפּאָוו, דו הערסט מיך? וואָלסט געדאַרפט פונדעסטוועגן אָנצינדן אַ קורניק. מאָלן דאָס גאָר נישט די טראַקטאָריסטן קיין ווייץ? נישקשה, זיי מעגן ברענגען אַ ביסל נאַפט פאַר דער מיל. זיי ווייסן זייער גוט, ווי מען מאַכט עס... קיין אָטשערעד וואַרטן זיי אַלץ איינס נישט איבער, און מאָלן גלייך ווי זיי קומען. האַ, דו הערסט, פּאָפּאָוו? עס איז נישט שיין צו זיצן אין דער פינצטער. מען זעט דאָך גאָר נישט, וואָס מען רעדט...

דער דיעדושקאַ פּאָפּאָוו הייבט זיך פּאַמעלעך פון אָרט, קראַצט זיך אונטערן היטל און רופט זיך אָן גוטמוטיק:

— זעסט טאַקע נישט וואָס דו רעדסט? הם... אַ וווּנדער... טאָ נעם ברודערל און טאַפּ אָן יעדעס וואָרט, איידער דו ברענגסט עס פאַרן מויל.

ער גייט צו צום לאַמטערן, צינדט אָן דעם קורניק און טוט זיך אַ שטעל מיטן רויכערנדיקן פלעמל אין דער אָפענער טיר. עמעץ טוט עס אַ נעם פון אים, גיט איבער פון האַנט צו האַנט, ביז עס בלייבט שטיין אין דער הויך, אויפן קאַלטן אויוון. שאָטנס צערוקן זיך איבערן נידעריקן באַלקן, שאַרן זיך איבער די ווענט און בלייבן הענגען איבער צוויי אַלטיטשקע, וואָס זיצן ביידע אָנגילענט, צוגעטוליעט קאָפּ צו קאָפּ, זאָיאַ כראָפּעט גאָר געשמאַק. גאַווריליאָוונע אָבער איז וואַך. זי טוט אַ ציטער ווי ביים פלעמל, וואָלט זי ערשט דערזען די קעלט. מיט אַ פּאַטש אין ביידע הענט, זיך אַליין צו דערגעבן קוראַזש, שרייט זי אויס:

— אַזוי, פּאָפּאָוו, אַ דאַנק, וועט כאָטש זיין אַ ביסל וואַרעמער!

ביי דער שכנטע אירער טוט אַ פאַל דער קאָפּ, ווי ער זאָל איר זיין קוים צוגעטשעפּעט צום האַלדז. אַן איבערגעוועקטע קוקט זי צעטומלט אַרום זיך.

— זאָל איך שוין אַזוי לעבן, קומאַ, דו שלאָפסט אַליין נישט און לאָזט אויך אַ צווייטן נישט שלאָפן.

— וואָס הייסט שלאָפן? וויפל איז דער שיעור צו כראָפּען? דיין אָטשערע איז דאָך שוין לאַנג אַריבער! — זאָגט עמעץ מיט געלעכטער.

זאָיאַ קוקט מיט דערשראָקענע אויגן, פאַרשט אַרום זיך, דערקענט די אַלע וואָרטנדיקע, זעצט זי זיך פעסטער אַוועק, בינדט בעסער צו דאָס טיכל ביים האַלדז, רוקט ביידע הענט אין די אַנטקעגנדיקע אַרבל און בלייבט זיצן אין גאַנצן אַ וואַכע, אַ שוויגנדיקע. דאָס פּלעמל אין אירע אויגן זאָגט: איך שלאָף נישט מער און ווי איר ווילט אייך, מיין אָטשערעד וועל איך שוין גוט דערהיטן!

אסתר רוקט זיך אַרויס צום אַלטן פּאָפּאָוו. זי קאָרטשעט זיך צונויף פאַר קעלט און בלייבט זיצן מיט אים. זיי קוקן ביידע, ווי דאָס מעל בערגלט זיך אין קאַסטן. פון צייט צו צייט טוען זיי אַ שטעק אַריין די פינגער אין דער וואַרע־מער מאָלעכץ, טאַפּן די דינקייט פון מעל און בלייבן ווידער אומבאַוועגלעך.

אין דער הויך, איבערן דאַך, שלעפּט דער ווינט די פליגלען. דרייט זיי מיט אַ רעש. דער טויער רייסט, באַוועגט זיך הין און צוריק, ווי מען וואָלט מיט כּוח זיך געוואָלט אַריינבאַקומען אין מיל.

— דיעדושקאַ פּאָפּאָוו, עמעץ קלאַפּט, עמעץ וויל אַריין.

— רעדסט נאַרישקייטן, סטעראַ. איצטער אין אַזאַ שפּעטער שעה? אַמאָל, ווען שדים זענען נאָך געווען, פלעגט קענען געשען זיי זאָלן קומען אין דער צייט. מיין טאַטע, דער ניעבאָשטשיק, האָט דערציילט: איין מאָל זיצט ער אַזוי שפּעט אין דער נאַכט, איינער אַליין אויף דער מיל און מאָלט דעם פּריצס ווייץ. אַנדערע צייטן געווען... און צו מאָלן איז דאַן געווען אַ סך. די גאַנצע מיל פאַרשאָטן מיט ווייץ ביז אַרויף. — ער הייבט אויף זיין האַנט, קרייזט מיט איר אין דער לופטן. זיין בליק בלאָנדזשעט איבער די פּוסטע ווענט און ער ווערט אַנטשוויגן. שאָקלט באַדויערנדיק מיטן קאָפּ.

— בערג גאַנצע — הייבט ער ווידער אָן, נאָך אַ ווײַלע שווייגן — פּלוצלונג הערט ער, מען קלאַפּט. פון אָנהייב האָט ער זיך טאַקע גוט דערשראָקן... שטעלט ער זיך ביי דער טיר, הערט זיך צו... מענטשן רופן. מענטשלעכע קולות... טראַכט ער: אפשר עמעץ אין וועג זיך פאַרשפּעטיקט, דער שטורעם האָט פאַר־כאַפּט. נעמט דער אָרעמענקער און עפנט דאָס טויער. נו, און ווער מיינסטו, קינד מיינס, איז עס געווען? זיי טאַקע... די נישטגוטע. אויף פערד און אויף וועגענער האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אין מיל, זיך געדרייט אַרום מילשטיין. געפייפט און געטאַנצט. געוואָיעט און געלאַכט... אַרויסגעשלעפּט אים אין סטעפּ אַרויס... אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיי געטאַנצט אַרום אים... פאַרשלעפּט אים וויַיט... ערשט פאַרטאָג, ווען עס האָט גענומען שאַריען, האָט ער קוים געטראָפן צוריק צו דער מיל...

— דיעדושקאָ, לעבן זיי שוין נישט? זענען שוין מער נישטאָ די נישט־גוטע?...

— אַך, טאָכטער, טאָכטער, סאהרעשילי מי הרעשניע... מיר האָבן זיך פאַרזינדיקט... דער טייוול האָט זיך אין מענטש אַריינגעזעצט און קיין מאָל וועסטו שוין נישט וויסן... וועסט זיך שוין נישט ראַזביעראַיען, נישט דערקע־נען, איז עס אַ מענטש אָדער אַ שד פאַר דיינע אויגן...

ער האָט אָפּגעהאַקט — זיי מיר מוחל, האָספּאָדי באַרעמהערציקער... פאַר־גיב מיר מיינע זינדיקע רייד... — ער האָט זיך דערשראָקן פאַר זיינע אייגענע ווערטער. לאַנג זיך געצלמט און שטום געקוקט פאַר זיך. אין די טיפע קנייטשן פון אַלטנס פנים האָט זיך באַזעצט אַ טרויער.

אַרום, אויף די טונקעלע ווענט, האָבן זיך צעטאַנצט די שווערע שאָטנס צוזאַמען מיטן פלאַם אין לאַמטערן.

זיצן זיי ביידע שווייגנדיק, קוקן, ווי דאָס מעל שיט לאַנגזאַמער און לאַנג־זאַמער אין קאַסטן.

— ווייסט, דיעדושקאָ? — האָט זיך אסתר פלוצלונג אַ הייב געטאָן פון אָרט — איך וועל זיך נישט דערוואַרטן אויף מיין אָטשערעד. איך גיי אַהיים! מיין טעכטערל קען זיך איבערוועקן, וויינען. און דער ווינט ווערט קלענער. ביז עס וועט קומען צו מיין ריי, קען ער זיך אין גאַנצן אָפּשטעלן. — זי האָט גערעדט, נאָכטראַכטנדיק און פאַרענדיקט דעצידירט:

— איך גיי!

וואָס פאַלט דיר איין? ביסט פון זינען אַראָפּ? — האָט דער אַלטער געזאָגט מיט זיין געוויינטלעכער רויקייט — איצטער אין אַזאַ נאַכט? טשודאַטשקע! דער ווינט האָט זיך נאָר איבערגעדרייט.

אסתר בלייבט זיצן. זי קען אָבער נישט באַהערשן דעם אומרו אין זיך.

— ניין, — טוט זי זיך פלוצלונג אַ הייב פון אָרט — דאָס קינד שרעקט זיך דאָרט, וויינט. און די נאַכט איז נאָך אַזוי לאַנג. איך קען נישט מער. דאָס האַרץ ציט מיך צום קינד — זאָגט זי און לאָזט זיך צו דער טיר. דער אַלטער גייט איר נאָך, ער קוקט אויף די פליגלען, ישובט זיך מיטן ווינט.

אסתר גייט שנעל. פון ווייטן הערט זיך דאָס פאַרמאַכן די מיל.

דער סטעפּ ליגט איינגעוועבט אין אַ בלייכער נאַכט. דאָ נישט ווייט פון איר פילט זי דעם פאַרהוילענעם סוף. פון אים יאָגט עס דער ווינט, גלייך איר אַנטקעגן און דערטראָגט אַ קינדעריש געוויין, ער שטופּט, שטויסט זי צוריק, פאַרהאַלט זי אַ רגע אויף איין אָרט, טוט אַ דריי דעם שניי אַרום איר און הייבט זיך אויף הויך מיט אַ פייפעריי.

אסתר שפּאַנט פּאַרויס... שטעלט זיך אויף... גייט געבויגן. זי ציט דעם קאָפּ פּאָרויס, פּאָרויס... צום דאָרף... צו די כאַטקעס...

דער וועג נעמט זיך גאָר נישט אויס. ער ענדיקט זיך ערגעץ ווייטער... עס דוכט זיך איר, ער דאַרף זיך דאָ אָפּהאַקן און עס ציט זיך אַזוי לאַנג... זי זעט נישט זיין אָנהייב און זעט נישט זיין סוף... ווי ער וואָלט זיך אָנגעהויבן שלענג־לען. אַרום איר, אין געווירבל, דרייען זיך די שנייען, שניידן אין פּנים, פאַר־שיטן די אויגן. זי בלייבט שטיין, ווישט זיי אויס. אין מיטן געדריי דערזעט זי און דערקענט... אָט זענען זיי די נישט־גוטע, וועגן וועלכע דער דיעדושקאַ האָט גערעדט. אָט יאָגן ווייסע פערד אין דער לופטן. גרויע רעדער דרייען נאָך. אַ מענטש שפּאַנט צו דער הויך און בליץ שנעל לאָזט ער זיך אַראָפּ... פּויזעט איבער דער ערד, יאָגט מיט אַ געוויין, מיט קולות. זי הערט אַ פּייפעריי... צי מען לאַכט?...

אַ שנייוועג ציט זיך פון דער ערד ביז גאָר הויך. אַ שמאָלער, גלייכער וועג, גאָר נאָענט נעבן איר. דער וועג קומט אַלץ נענטער און נעמט זי אַריין אין מיטן.

אסתר בלייבט אַ רגע שטיין מיט פאַרמאַכטע אויגן. זי קלאַמערט זיך אָן שניי, וואָס אונטער איר. רוט זיך אַ ווײַלע אָפּ און לויפט ווידער פּאָרויס. זי וויל וואָס גיכער זיין דאָרטן, פון וואַנען עס טראָגט זיך דאָס געוויין. דאָרט, אַ קליין ביסעלע ווייטער, ווו די גרויקייט זעט אויס צו זיין געדיכטער, ליגט גע־וויס דאָס דאָרף.

אָבער פאַרוואָס קען זי דאָרט נישט צוקומען? וואָס ציט זיך עס אַזוי ווייט? אירע טריט נעמען זיך פּלאָנטערן, פאַרטשעפּען אין וועג, דערפילן עפּעס האַרטס אונטער זיך. גאָר נאָענט אונטערן שניי פילט זי, ווי אַ פּלויט זאָל ליגן. וויגט, הוידעט זיך, ווי זי וואָלט נישט געשטאַנען אויף דער ערד. איז זי אויף אַ פאַרשאָטענעם גאָרטן? צי האָט דער ווינט אַהער פאַרטראָגן אַן איינגעוואָרפע־נעם פּלויט? איז זי נישט אויפן וועג? טאָ ווו איז דער וועג? די פּלויטן מוזן דאָך זיין ביים דאָרף! איז אין וועלכער זייט דאָרף איז זי? ווי קומט מען אַרויף אויפן וועג?

אסתר קוקט זיך אַרום. דרייט זיך פאָרזיכטיק. האָט מורא צו פאַרלירן די ריכטונג. אין דער געדיכטער גרויקייט דוכט זיך איר, אַז זי זעט טונקעלע פלעקן אין דער הויך.

זענען עס די פליגלען פון מיל? בין איך נאָך אַלץ אַזוי נאָענט? וואָס קומט דאָ פאָר?

זי גייט ווייטער פאָרויס. די פליגלען ווערן גרעסער. אָט הערט זי שוין זייער רוישן. ווידער בלייבט זי שטיין ביי דער מיל. זי זעט אָבער נישט די טיר.

לאַנג האָט זי זיך אַרומגעדרייט. האָט געמוזט אַרומקרייזן די גאַנצע מיל, ווייל זי איז אָנגעקומען פון דער צווייטער זייט.

קוים דערשלעפּט זיך.

אַ דערשעפּטע בלייבט זי שטיין ביי דעם פאַרשאָטענעם טויער. קלאַפּט. פון אינעווייניק קומט קיין ענטפער. זי שפּיצט אָן איר געהער. איר דוכט זיך, אַז זי האָט געהערט עמעצן גיין אינעווייניק. עס איז אָבער קיינער נישט צוגע־קומען. שלאָפן דאָרט אַלע. זי וועט דאָך דאָ פאַרפרוירן ווערן. מען הערט אַלץ קיינעם נישט. בלויז פון דרויסן איבער דער מיל קלאַפּן שטאַרק די פליגלען און דער ווינט רייסט זיי מיט אַ הוזשעניש און געוואָי.

הערט מען נישט אין מיל איר רוף?

זי נעמט צונויף איר גאַנצן כוח און זעצט אין טיר, ווי שטאַרק זי קען נאָר.

— דיעדושקאָ פּאָפּאָוו! דיעדושקאַ, עפן אויף! איך ווער דערפרוירן!

— דערמאָן גאָטס נאָמען! — רופט דער אַלטיטשקער פון אינעווייניק מיט אומצוטרוי.

— דיעדושקאַ, עס איז נישט קיין שד, גאָט איז מיט דיר, עפן אויף! דאָ איז סטערא. לאָז מיך אַריין! איך האָב געבלאָנדזשעט... נישט געקענט טרעפן דעם וועג... איך בין דערפרוירן, דיעדושקאַ!

זי הערט, דער אַלטער פאָרעט זיך ביים ריגל. ער עפנט דעם טויער, קוקט אַ דערשראָקענער און צלמט זיך. זיין בליק איז פול מיט צער. זיין שטים ציטערט הויך און שרייט אַריבער דעם גערויש פון די פליגלען:

— דאָס איז דיר נישט דיין היים דאָרטן, טאָכטער, ביסט אויף סיביר! ביסט אין אָפענעם סטעפּ!...

ווי אַ פאַרשעמטער לאָזט ער אַראָפּ דעם קאָפּ צו דער ערד און שאָקלענ־דיק מורמלט ער צו זיך אַליין:

— סאַהרעשילי מי הרעשניע... סאַהרעשילי מי, מוטשיטסאַ נאַראָד...

***

אַ פאַרפרוירענע האָט אסתר זיך אַריינגעשטופּט אין פּאָפּאָווס חדרל. דער אַלטיטשקער איז געבליבן ביים מעל־קאַסטן. זיצט ער אַ שלעפערדיקער. דער קאָפּ לאָזט זיך אים אַראָפּ נידעריקער, נידעריקער, ביז ער קלאַפּט אָן דעם קאַלטן פעלץ. וועקט ער זיך איבער, קוקט מיט ברייט צעעפנטע אויגן אַרום זיך, אויף דעם מעל, וואָס שיט אין קאַסטן און דרעמלט ווידער איין.

פּלוצלונג ווערט ער וואַך. שטעלט זיך אויף. דאָס האָט אים אויפגעוועקט די שטילקייט. דער גערויש איבער אים האָט אויפגעהערט.

— שטייט די מיל? האָט זיך דער ווינט אויסגעדרייט, צי איינגעשטילט? — פֿרעגט ער זיך אַליין.

דורך די שפּאַרעס פֿון דער פֿאַרמאַכטער טיר קוקט אַריין אַ גרויער פֿרי־מאָרגן.

— אַהאַ, שוין טאָג! — זאָגט פּאָפּאָוו, עפּענענדיק. ער שטייט פֿאַרגאַפֿט.

— אַ גאַנצע איבערקערעניש!

די גלייכקייט פֿון סטעפּ איז אַוועק. די גערטנער, וואָס זענען געווען פֿאַר־שאָטן איבער די פּלויטן ליגן אויסגעליידיקטע. עס איז אויסגעקערט דער שניי אין זיי. ממש די פֿאַרפֿרוירענע ערד קוקט אַרויס. ווי ווייט דאָס אויג קען נאָר גרייכן — בערג. אַרום און אַרום מיל טוליען זיך קיילעכדיקע, קלענערע בערג־לעך. הינטער זיי הייבן זיך אויף העכערע. זייערע רוקנס קאַרבן זיך. גלאַטע, ווייסע טרעפּ פֿירן ביז אַרויף. אין דער הויך צעטיילן זיי זיך אין שפּיצן, שאַפֿן אַ באַרג־קייט.

סודותדיק ציט זיך עס אַוועק ווייט אָן אַ סוף. דער גרויער פֿרימאָרגן אָטעמט מיט בראשיתדיקייט. נאָך היינט ביי נאַכט איז דאָ געווען אַן אומ־ענדלעכע, גלייכע ווייטקייט ביזן האָריזאָנט.

שטייט ער, פּאָפּאָוו, און קען זיך נישט אָפּחידושן.

— די נאַכט האָט אָפּגעטאָן אַ פֿיין שטיקל אַרבעט!

ער פֿאַרקוקט זיך אויף די פֿליגלען, וואָס זענען געבליבן שטיין קרום נאָכן לעצטן דריי פֿון ווינט און פּאַמעלעך מיושבדיק גייט ער צוריק אין מיל אַריין.

— באַביאָשקעס! איר קענט שוין אויפשטיין און גיין הייצן די הרובעס! שוין, עס איז שוין נאָכן ווינט! — קלאַפּט ער אין טיר פֿון זיין חדרל.

ציטערנדיק פֿון קעלט, הייבן זיך די ווייבער פֿון דיל. אין שטיבל איז נאָך פֿינצטער. זיי שטייען אויף, ציִען זיך אין דער הויך, גלייכן אויס די פֿאַרשלאָפֿענע גלידער.

— שוין נאָכן ווינט! — גענעצט עמעץ אויס מיט דער גאַנצער ברייט פֿון מויל.

— עס האָט גוט געדרייט — ענטפֿערט אַגאַפֿיע פֿון פֿינצטערן ווינקל אַרויס, און בינדט בעסער איבער דאָס טיכל. אין שלאָף האָט עס זיך איבער־געדרייט, אַראָפּגעפּאַלן פֿון קאָפּ.

נאָך דעם בייגט זי זיך איין איבער איר זעקעלע ווייץ, פֿאַרקניפּט עס שטאַרק. זי דרייט די שטריק אַ סך מאָל און מאַכט צום סוף עפּעס אַזאַ פֿאַר־בינדעכץ, וואָס קיינער זאָל נישט קענען נאָכמאַכן. — זאָל עס שטיין און וואַרטן.

## ווינטן

אפשר וועט נאָך היינט ווידער זיך אויפהייבן אַ ווינט. וועט מען דאָך צעמאָלן דאָס ביסל ווייץ.

יעדער טוט עס אויף זיין אופן. וואָסיל געטרויט נאָך ווייניקער. ער נעמט דאָס זעקל אויף די פּלייצעס און שלעפּט זיך דערמיט אַהיים.

— ווער ווייס, ווען עס וועט שוין זיין אַ ווינט, מען וועט דאַרפן דרייען אויף דער זשאָרנע... — פאַרענטפערט ער זיך.

שטיל און שווייגנדיק פאַרלאָזט מען די מיל. יעדער מיט דער האָפענונג צו קומען באַצייטנס, ווי נאָר דער ווינט וועט ווידער אַ בלאָז טאָן.

ווי אַ סטאָדע געענדז, איינער נאָכן צווייטן, שלענגלט מען צופוסנס פון די ניי באַשאָפענע בערג. קיין מענטשלעכע פוס האָט זיי נאָך נישט באַטראָטן. בלויז ערטערווייז איז צו באַמערקן סימנים פון וועלפישע טריט אין שניי. קאָנטיק הונגעריקע, אַז זיי האָבן אַזש אַהער צו דער מיל זיך פאַרקליבן. מיטן פאַרשווינדן פון דער נאַכט האָבן זיי זיך באַהאַלטן אין וואַלד, און אפשר דאָ צווישן די בערג־שפּאַלטן.

הינטער דער מיל, שלעפּט זיך אַ בייק. דער שליטן גליטשט זיך לייכט נאָך אים.

ביי זיין זייט, מיט אַ נאַקעטער צווייג אין דער האַנט, שפּאַנט עמעץ נאָך. אָט קריכן זיי אַרויף אויף אַ באַרג ביזן בויך אין שניי. דער בייק בלייבט שטיין, איינגעזונקען, נישט אַרויסצושלעפּן די פיס.

אויף דער ווייסקייט גיסן זיך צוזאַמען דער בייק, דער שליטן און דער אָנטרייבער אין איין טונקעלן פלעק. ער רוקט זיך אַלץ נענטער, באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ און צעגראָבט די גלאַטיקייט פון דעם שניי. דער שליטן צייכנט הינטער זיך אַ נייעם וועג פון דער קאַלכאָזנער באַזע אין סטעפּ צום דאָרף.

— צאבּ! צאבּ! — הילכט עס אין דער פוסטקייט אַרום.

דער בייק מאַטערט זיך, בייגט דעם קאָפּ צו דער ערד, שלעפּט אַרויס די פיס, שיטנדיק קופּעס שניי פאַר זיך. קוים ער קומט אַריבער אויף דער צווייטער זייט, לויפט ער שוין באַרג־אַראָפּ, בייט גיך די פיס, דער שליטן זאָל זיי נישט אָפּקלאַפּן.

— צאבּ! צאבּ! צאבּא!

דאָס שרייט באַדזשקע. נאָך פאַר טאָג איז זי אַרויסגעפאָרן. ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן גרויען.

אויפן האַרצן איז איר אָנגעכמורעט. דער הונגער נאָגט און די קעלט שטעכט די באַקן, די ליטקעס, ווי מיט נאָדלען.

— צאבּ! — שרייט זי מיט כעס און לאָזט אויס איר ביטער האַרץ צום בייק — וווהין קריכסטו? בהמה וואָס דו ביסט, נידעריקער!

ווידער ווערן זיי פֿאַרפֿאַלן הינטער אַ באַרג. ביז ענדלעך קומען זיי צו צום דאָרף.

— היי, ווייבער, שלאָפֿט נישט! גיט עסן אין בריגאַדע! איילט אייך, מו־מינקעס, עס איז קאַלט!

איר היים וויל נאַדזשקע אויסמיידן. עס קומט איר אויף די גאַנצע בי־טערניש פֿון דער באַגעגעניש מיט דער מאַמען. עס נאַגט איר דאָס האַרץ. איר דוכט, אַז נאָך מערער פֿון הונגער מאַטערט דער פֿאַרדראָס. זי וואָלט געוואָלט זיך דערטראַכטן, וועמענס אַרבעט איז עס געווען. ווער האָט עס אַלץ אָנגע־באַלבעט.

— ווער האָט עס אָנגעמאַכט די גאַנצע טשעפּוכאַ? — ברעכט זי זיך דעם קאָפּ — אָט סאָבאַקי, הינטישע לעבערס. פֿריִער קריכן זיי און נאָך דעם גייען זיי אַליין דערציילן דער מאַמען...

זי מיידט אויס איר שטוב.

דער הונט אין בודע דערשמעקט נאַדזשקען נאָענט און לויפֿט אַרויס. ער לאַשטשעט זיך און שפּרינגט אויף איר אַ צופֿרידענער.

באַגעגנט זיך מיטן הונט, דערפֿילט זי דעם טעם פֿון שטוב. דער הונגער נעמט נאָך שטאַרקער ציִען ביים האַרצן.

— עך, קודלאַטער, קודלאַטער — גלעט זי אים — קאַלט דיר אין דרויסן, האַ? אַ בוראַן געווען, אַ שטורעם?... און איצטער, בורעק, איז אַ פֿראָסט...

זיי שטייען ביידע און קוקן זיך איבער מיט גלאַנציקע אויגן.

אַגאַפּיע דערהערט די בילערייַ און שטעלט זיך אַרויס אין פֿאַרהויז.

— נאַדזשקע? דו?... קען נישט זיין! — שרייט זי פֿאַרוווּנדערט — נאַדזש־קע! האַ, דאָס ביסטו? איצטער ביסטו געפֿאָרן?... אין אַזאַ וועג?!

נאַדזשקע שווייגט. נעמט נישט צו איר בליק פֿון בורעקן.

— קיין הונט טרייבט מען דאָך איצטער נישט אַרויס אויפֿן גאַס. ווי ביסטו געקומען? ווי אַזוי האָסטו זיך דערקליבן אַהער?

— וואָס האָב איך געקענט טאָן? — ענטפֿערט זי שטיל, נישט אויפֿהייבנ־דיק דעם קאָפּ. — זיי אַרבעטן דאָרט הונגעריקע אויף דער באַזע. מען מוז דאָך עסן...

זי רעדט ברוגז, פֿילט אָבער, אַז עס ווערט איר גוט מיט דער היים; מיט דעם רויך, וואָס קייקלט פֿון קוימען; מיט דער מאַמען, וואָס שטייט איצט אין דער אָפֿענער טיר.

— ווּהין פֿאָרסטו, נאַדזש? — שרייט אַגאַפּיע — קיינער האָט נאָך אַלץ איינס גאָרנישט צוגעגרייט! עס איז דאָך נאָר וואָס טאָג געוואָרן. קום, טאָכטער, דערוואַרעם זיך, ביז מען וועט אויסהייצן די אויוונס!

דער מאַמעס גוטע רייד צענעמען זי. אַ נאָכגיביקייט, אַ וואַרעמקייט דערפילט זי אין אַלע גלידער, אַזש טרערן קומען איר אין די אויגן. זי ווייס אַליין נישט פאַר וואָס עס ווילט זיך איר וויינען, אַז אין דער אמתן איז איר גאָר גוט. זי פילט, ווי דאָס אָנגעקליבענע ביטערניש צעגייט. זי ווייס שוין אַפילו נישט, אויף וועמען האָט עס אַזוי געקאָכט אין איר דער כעס. איז עס געווען אויף דער מאַמען? צי אויף די, וואָס האָבן לאַנגע צינגער? וואָס באַל־טאַיען זיי, וואָס קומען זיי דערציילן וועגן אַלץ, וואָס טוט זיך אין בריגאַדע?

עס דוכט זיך איר, אַז אַ ביסל פאַרדריסט איר פשוט אויף זיך אַליין, נישט געדאַרפט זיך לאָזן אַזוי...

— סאַבאַקי! — טוט נאַדזשקע אַ וואָרטשע און אַ שמייכל צעגיסט זיך אויף איר פנים. זי באַהאַלט עס אונטער אַ ברוגזער מינע. פאַרקערעוועט גלייך צום גאָרטן. די מאַמע זאָל אויף איר גאָרנישט באַמערקן.

זי פאַרטשעפּעט דעם בייק צום פּלויט. בורעק שאַרט נעבן אירע פיס. אַ פריילעכער טאַנצט ער אַרום איר. ער לויפט אַ צופרידענער איבער די בערג שניי צו דער שטוב און מיט אַ בילעריי קומט ער צוריק. שפּרינגט אויפן מיידל, ווי ער וואָלט אין גאַנצן ווילד געוואָרן.

— ביל, קודלאַטער! ברעשע! ברעשע זיך גוט אויס, אויף פאַר מיין היגטיש לעבן! — און עס ווערט איר אַזוי גוט, וואָס זי קען זיך אַזוי אָפּריידן פאַרן הונט.

זי קוקט אויף בורעקס צעשפּילטקייט. מיט ליבשאַפט טרייבט זי אים פון זיך און לאָזט זיך מיט די טיפע שנייען דורכן גאָרטן צו דער שטוב.

דער הונט לויפט נאָך, פאַרלויפט איר דעם וועג. זי פאַרטשעפּעט זיך און טוט אַ פאַל אין שניי. בורעק ציט זיך אויך אויס. ער רייבט דעם רוקן, וואַרפט די פיס אַרויף און שפּרינגט ווידער אויף אַ צעשפּילטער.

נאַדזשקע ווערט אויפגעהייטערט. ליגנדיק, קאַטשעט זי זיך אין שניי, קייקלט זיך פון באַרג מיט אַ הילכיק געלעכטער.

די מאַמע שטייט אין טיר. אַ נחתדיקער שמייכל טוט אַ בליץ אין אירע אויגן און באַהאַלט זיך אין די קנייטשן אונטער אַ שטרענגן בליק.

— ווילדע!... ביעשאנאיא!... — זאָגט זי מיט געצוימטער ליבשאַפט און גייט אַריין אין שטוב.

שנעל כאַפּט זי דאָס טאָרבעלע, ווו עס ליגן די אַלט־געוואָרענע פּיעראָזש־קעס, וואָס זי האָט געהאַט געמאַכט פאַר נאַדזשקען. זי לייגט זיי אויף דער סקאָוואָראָדע און שטופּט עס אין אויוון.

— אַזאַ וועג, אַזאַ וועג — רעדט זי צו זיך אַליין — אַזאַ וועטער לאָזט מען אַ יונג קינד פאָרן אין דאָרף אַריין. שלעכט געוואָרן דער נאַראָד...

# קאַפּיטל XII

פון גאַנץ פרי אָן האָט זיך אויפן שליאַך געשלעפּט אַן איינזאַם פורל אָנגע־זעצט מיט פּאַסאַזשירן. פּאַרנט אויף אַ ביסל היי, איינגעוויקלט אין אַ גרויסן פעלץ, איז געזעסן דער קאַזאַך אַכמעטאָוו. אים האָט דער „סיעל־סאָוויעט" באַ־פוילן אָפּצופירן די פּאָליאַקן צו דער מיליטערישער קאָמיסיע.

אָפּגעלעבט און אומעטיק איז געלעגן דער סטעפּ פון ביידע זייטן וועג. הויך, הינטער די וואָלקנס, האָט זיך גערוקט אַ קליינע קאַלטע זון און אויס־געטיילט אַרום זיך אַ העלן קרייז. פון צייט צו צייט האָט איר שמאָלער, זילבערנער זוים, זיך אַרויסגערוקט און ווידער באַהאַלטן אונטער דער גרויקייט.

גאָר גיך איז זי אין גאַנצן פאַרשוואונדן און עס האָט אָנגעהויבן טונקלען. אַכמעטאָוו האָט טאַקע אַלץ אָפּטער גענומען דערמאָנען זיין פערדל. אויף קאַזאַכיש לשון האָט ער זיך ביי אים געבעטן, אַ ביסל אונטערצוּיאָגן. דערקלערט אים, אַז מען מוז דאָך אויף נאַכט כאָטש באַוויזן צו זיין אין מיכיילאָווקע.

צווישן די אַרויסגערופענע פּאָליאַקן צו דער מיליטערישער קאָמיסיע איז אויך געווען אסתּר. זי איז געפאָרן מיט איטעלען. אויסגעזען האָט זי זייער דערשלאָגן. צעשיידן זיך מיטן קינד? לאָזן דער קליינער ביי חנהן? — האָט זי געטראַכט — און טאָמער קערט זי זיך נישט צוריק? זי האָט אויך געקענט איטעלען אַוועקשיקן צו איר יוגנט־פריינדין אין פּעטוכאָווע, אַ ניינציק קי־לאָמעטער פון דאַנען. ווייס זי אָבער, אַז איר גאַנצע פאַמיליע, ווערט דאָרט שרעקלעך געפּייניקט פון הונגער. זי האָט גאָר נישט געקענט זיך פאָרשטעלן ווי אַזוי דאָס קינד וועט רעאַגירן און ווי אַזוי וועט זי דאָס קענען אַוועקגיין.

האַלינע, די געוועזענע דאָרפס־לערערין אין פּוילן, וועמענס מאַן איז אַרעס־טירט געוואָרן ווי אַן אָפיציר, איז געווען גליקלעך צו גיין אין דער פּוילישער אַרמיי. זי האָט כסדר געטרייסט אסתּרן, דערווייזן אַז איר שרעק איז אומזיסט.

— זאָל זיך די פּאַני עסטעראַ נישט איבערנעמען — האָט אויך עטלעכע מאָל איבערגעחזרט טאַדעק — עס איז נישט באַקאַנט מען זאָל מוטערס פון קליינע קינדער מאָביליזירן.

ביי די רייד, פלעגט איטעלע זיך טוליען צו דער מאַמען, גלעטן זי מיט אירע פאַרפרוירענע הענטלעך.

עס איז געווען קאַלט. די פּאַסאַזשירן זענען געזעסן ענג צוזאַמענגעדריקט. אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס אַ פורל איז געגאַנגען אין ראַיאָן, האָבן זיך אויך מיטגעכאַפּט עטלעכע קובישער: דער פאַרוואַלטער פון „סיעל־פאָ", גע־האַט דאָרט ענינים צו דערליידיקן. אויך דאַנילאָווע, וועמענס טאָכטער עס וווינט דאָרטן, איז מיטגעפאָרן. זי האָט אָן אויפהער אַריינגערעדט אין איר שכנטע, דער פּאַני סקוטיצקאַ, וואָס איז געזעסן אַנטקעגן איר. דערציילט וועגן איר גערעטענעם אייניקל, וואָס איז געבוירן שוין נאָך דעם, ווי איר איידעם איז אַוועק אויפן פראָנט. שטאַרק באַדויערט, וואָס דער טאַטע קען אַפילו נישט דאָס קינד און געוואָלט דערוויזן אַז עס איז אַ בילבול, וואָס מען רעדט וועגן איר טאָכטער.

— עס איז אויסגעטראַכט, אויסגעזויגן פון פינגער, אַז זי האָט דעם יינגל געבוירן פּופצן מאָנאַטן נאָך קאַליעס אַוועקגיין... זאָל די באַריניע סקוטיצקאַ אַליין באַרעכענען — האָט זי אָנגעהויבן ציילן, אָפּלייגן די פינגער פון האַנט און אין מיטן זיך פאַרפלאָנטערט — אַז פון מיינעטוועגן קען עס אויסרעכענען יעדער ווער עס וויל נאָר — האָט זי זיך געווענדט צו אַלעמען.

— מיר גלייבן דיר דאַנילאָווע, מיר גלייבן — האָט רושקיעוויטשאָווע אָפּגעהאַקט. עמעץ האָט הויך אַ לאַך געטאָן.

דאַנילאָווע האָט גיך געביטן די טעמע און פּלוצלינג אַ פרעג געטאָן:

— האָט איר שוין אַלע געהערט וועגן דייטשישן לערער, וואָס האָט דער־הרגעט זיין ווייב? מען האָט זי געפונען באַהאַלטן אין אַנדרייס אַלטן שטעלכל, אונטערן האַלץ פאַרשטעקט. מען האָט אים שוין צוגענומען, דעם ראַזבויניק.

קיינער האָט נישט געקוקט אין איר זייט. דאַנילאָווע האָט אָבער געפילט אַז אַלע זענען פאַראינטערעסירט מיט אירע מעשיות און כסדר גערעדט אָן איבעררייס.

— וואָס איז דאָ אַ סך צו ריידן — איז זי גלייך איבערגעגאַנגען צו עפּעס אַנדערש. טערענטי, וואָס פלעגט קומען צו דער אַלטער קלאַוודיען, איז שוין אויך דערהרגעט אויפן פראָנט. די אַלטע האָט נעכטן געוויינט און גע־קלאָגט נאָך אים. אויך מיר אַ לעבן געווען. אַז אין דער אמתן, פלעגט ער גאָר זעלטן קומען פון זיין דאָרף. און אַז ער האָט זיך שוין יאָ געוויזן, האָט ער איר, קלאַוודיען נעבעך, גוט אָנגעבראָכן די ביינער און אַוועקגעפאָרן צו־ריק. די קליינע זאָיקע, איר לעצטע, איז עס זיין ממזר. ער איז דאָס טאַקע דער טאַטע. אַ חרפּה צו דערציילן...

— אָ יעזו! אָ יעזו! — האָט זיך צעשריען רושקיעוויטשאָווע.

אַלע האָבן זיך אַ קער געטאָן אין איר ריכטונג. דאַנילאָווע איז אַליין איבערראַשט געוואָרן פון דערווירקונג וואָס איר דערציילן האָט אַרויסגע־רופן. זי איז געבליבן זיצן אַ צופרידענע און מיט אַ האַלב אָפענעם מויל. גע־וואַרט דער עולם זאָל זיך אַ ביסל באַרויִקן, זי זאָל ווייטער קענען ריידן.

— אָבער עס איז דאָך אין גאַנצן נישט מעגלעך — האָט רושקיעוויטשאָ־ווע געשריִען אויסער זיך — איך פיל דאָך שוין נישט מיינע פיס!... ווער זיצט עס אַזוי אויף מיר, אַז איך קען שוין גאָר מיט דער פוס נישט רירן... יעזוס היילּיקער, רוקט אייך אָפּ אַ ביסל! איך ווער דאָך געליימט!

אויפן וואָגן האָט זיך אָנגעהויבן אַ רוקעניש. יעדער האָט געקרעכצט ביים באַוועגן מיט די איינגעשלאָפענע גלידער. דאָס פורל איז זיך פּאַמעלעך גע־קראָכן ווייטער. אַכמעטאָוו, אַן איינגעוויקלטער אין פּעלץ, האָט גאָרנישט גע־הערט, עס איז אים נישט אָנגעגאַנגען. ער האָט נאָכאַנאַנד געטענהט מיטן פערדל, אומצופרידן פון דער נסיעה, וואָס דער „סיעל־סאָוויעט" האָט אים צוגעדינט.

ווען אַלע האָבן זיך ווי נישט איז איינגעזעצט און עס איז געוואָרן שטיל, האָט דאַנילאָווע געדרעמלט.

שוין נאַכט געווען, ווען מען איז אָנגעקומען קיין מיכיילאָווקע. די באַלע־באָסטע צו וועמען מען איז פאַרפאָרן, האָט אָנגעצונדן אַ נאַפט־לעמפל און אַריינגעלאָזט דעם דערפרוירענעם עולם. יעדער האָט אַרויסגענומען זיין פעקל עסן, איבערגעביסן און מען האָט זיך צעלייגט אויפן דיל.

אַכמעטאָוו איז אַוועק צו זייניקע. אין צווייטן עק דאָרף, האָט ער געזאָגט, וווינט זיינס אַ משפחה. ער האָט געהאָפט צו קריגן דאָרטן „קומיס", געוואָלט דערוואַרעמען די ביינער.

גאָר פרי האָט ער שוין געקלאַפּט אין פענצטערל, גערופן גיין צום וואָגן. עס האָט נאָך קוים געשאַריעט. דאָס פערד, כאָטש אַן אָפּגערוטער, האָט זיך פויל געשלעפּט איבערן טונקעלן וועג. נאָך עטלעכע שעה פאָרן האָט מען זיך דערנענטערט צו דער סטאַנציע.

אין נעפּל, וואָס איז געהאַנגען גאָר נידעריק איבער דער ערד, האָט זיך גערוקט אַ טונקעלער פלעק. וואָס נענטער דאָס פורל איז צוגעקומען, האָט מען אים געזען אַלץ בולטער זיך אויסטיילן פון דער גרויקייט. ווי אַ סטאַדע שאָף וואָלט מען געטריבן.

דער וועג האָט געפירט אַראָפּ. דאָס פערדל האָט אָנגעהויבן אונטערצו־לויפן. ווען זיי זענען צוגעקומען נענטער, האָבן זיי פלוצלינג באַמערקט מענטש־לעכע סילועטן פאַר זיך.

אַרעסטאַנטן זענען געגאַנגען. ענג צוזאַמענגעדריקט, איינגעוויקלט אין לאַר־

כעס, האָבן זיי זיך גערוקט פאָרויס. אַרומגערינגלטע מיט גרויסע וועלף־הינט און באַוואָפנטע ענקאַוועדיסטן.

אַ קורצע צייט איז דאָס פורל פּאַמעלעך נאָכגעפאָרן. דער וועג איז געווען פאַרנומען ביז זיי זענען צוגעקומען צום באַן. עס איז געפאַלן אַ באַפעל. אַלע ווי איין מאַן, האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, די קעפּ נידעריק אַראָפּגעבויגן צו דר'ערד. די הינט האָבן זיך אויך צעלייגט אַרום זיי. בלויז די היטער זענען געבליבן מיט געווער אָנגעשטעלט פאַר זיך. דער נעפּל איז נאָך אַלץ געהאַנגען נידעריק.

אויך דאָס פורל האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַכמעטאָוו האָט דערקלערט, אַז עס איז בעסער זיך האַלטן פון וויטן. עס איז נאָך געבליבן אַ גאַנצע שעה צו וואַרטן, ביזן אַריינקומען צו דער מיליטערישער קאָמיסיע.

אסתּר האָט גענומען דאָס קינד ביי דער האַנט און אַוועק פאָרויס. אין אַ דיסטאַנץ האָט זי געקרייזט אַרום די אַרעסטאַנטן.

— מאַמע, דאָס זענען גזלנים?

— ניין, מיין קינד.

— איך האָב מורא פאַר זיי, מאַמע, קום אַוועק! קום אַוועק פון דאַנען — האָט זיך דאָס קינד געבעטן. — מאַמע, וועמען ווילסטו דאָ זען?

אסתּר האָט נישט געענטפערט, נישט געהערט מער איטלעכס פראַגעס. אָנגעשטרענגט האָט זי געזוכט פאַר זיך.

אפשר איז מנחם דאָ? — האָט זי געטראַכט. — אַזוי אויסערגעוויינלעך וואָלט עס געווען און דאָך מעגלעך. שוין יאָרן ווי איך ווייס אַפילו נישט צי ער לעבט און דאָ צווישן די אַלע, קען איינער פון זיי זיין ער... עס קען געשען אַ גליק... זיי שטייען אָבער אַלע אויף די קני, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ צו דער ערד. זיי טאָרן זיך נישט באַוועגן. עס איז שווער זיי אונטערצושיידן... אַלע זעען אויס אַזוי ענלעך צו זיך...

אַזוי האָב איך קיין מאָל זיך נישט פאָרגעשטעלט אים צו באַגעגענען — האָט אסתּר געטראַכט — איך וואָלט אַפילו נישט געקענט גלייבן, אַז מנחם וועט קניִען אויף עמעצנס באַפעל... אָבער זאָל ער פאָלגן... אויב נישט קען אַן אומגליק געשען...

די געדאַנקען זענען שנעל געקומען און געיאָגט איינער אין צווייטן אַריין.

— דאָס אַלץ איז אַזוי פּלוצלינג, אומגעריכט, אָבער וועלכער איז ער?... איך דערקען דאָך אים נישט... נישט צו באַגרייפן, איך קען זיך אים לחלוטין נישט דערמאָנען... ווי איז עס מעגלעך? איך געדענק דאָך נישט ווי ער זעט אויס?... זיין פּנים, זיין געשטאַלט... עס איז עפּעס אַזוי צעשוווּמען, פאַרנעפּלט... זי דערמאָנט זיך... — יאָ... מנחם קומט ביי נאַכט אַהיים פון דער אַרבעט...

ער שטייט אויף די קני נעבן קינדס בעטעלע... דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן אָט אַזוי... אַזוי ווי איצט...

— איך פאַר וואָס דערקען איך אים נישט?... — פיבערט זי — ער איז יענער, אָט דער צווייטער ביים זייט... ניין, דער, נעבן גרויסן הונט... אָ, איך ווייס שוין אַליין נישט וועלכער...

ווען ער הייבט כאָטש אַן אויגנבליק אויף דעם קאָפּ... בלויז איין רגעלע... ער טאָר נישט... מנחם... האָב איך דיר פאַרלאָרן פון געדאַנק... ווען?... מנחם... ווען ? . . .

אין גאַנצן אַ פאַרלאָרענע, באַהערשט פון געפיל אים צו דערזען, רוקט זי זיך אַלץ נעענטער

— איך וועל אים דערקענען... אָט האָט יענער אויפגעהויבן דעם קאָפּ... אַראָפּגעלאָזט אים... עס איז אים גאָרנישט געשען... קיינער האָט עס אַפילו נישט באַמערקט... ער איז נישט מנחם... זאָל אויך מנחם אַ קוק געבן... עס פאַלט אים גאָרנישט איין, אַז איך שטיי דאָ מיט איטעלען נעבן אים... ער קען דאָך עס נישט וויסן... עס איז יענער, אָט, דער סאַמע לעצטער, נעבן דער ביקס . . .

זי הערט רופן איר נאָמען. מען שרייט הויך. אַ סך שטימען רופן זי. גאָר נאָענט אַנטקעגן איר שטייט אַן ענקאַוועדיסט, מיט דער ביקס געצילט אויף איר. וואָרנט זי זאָל אַוועקגיין. זי ווייס נישט גוט, וואָס אייגנטלעך דאַרף זי טאָן, די אַרעסטאַנטן באַוועגן זיך. אַלע הייבן די קעפּ, קוקן צו איר. אַ סך בליקן כאַפּט זי אויף, נאָר איטעלע ווייִנט... שרייט אַזוי דערשראָקן... האָט זי אַ כאַפּ געטאָן דאָס קינד אויף די הענט געטוליעט זי צו זיך, געווישט אירע נאַסע בעקלעך, די אייגעלעך. אַ בלייכע, זי געגלעט, געקושט און גאָרנישט געזאָגט. נישט געקענט קיין וואָרט אַרויסברענגען פון מויל.

פּאַמעלעך איז זי געגאַנגען צוריק און אַ פאַרשולדיקטע געהערט טענות פון אַלע זייטן:

— ווי איז מען עס אַזוי נישט פאָרזיכטיק?

— ווי לאָזט מען עס אַזוי איבערשרעקן אַ קינד?

— נאָך וואָס זענט איר געקראָכן אַהין?

— אָבער נאָך וואָס ביסטו געגאַנגען מאַמע, איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איך האָב מורא פאַר זיי.

— קינד מיינס, געמיינט איך וועל דאָרט זען... נישט געדאַרפט טאַקע גיין... וואָס עס קען אַ מאָל איינפאַלן?... אָבער דו דאַרפסט זיך פאַר זיי נישט שרעקן, דאָרט זענען מענטשן... איטעלע טייערע, פשוט מענטשן...

ווען די פּוילישע גרופּע איז אַרויס פון דער מיליטערישער קאָמיסיע איז

שוין געווען האַלבער טאָג. קיינער האָט נישט געוווסט מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן. יעדער האָט עס אויסגעטייטשט אויף זיין אופן. האַלינע האָט גע־האַלטן, אַז גאָר גיך וועט מען זי נעמען אין אַרמיי. דער ווייסרוס וואַסיע, האָט פאַרזיכערט, אַז דאָס איז בלויז אַן אָנהייב. נישט איין מאָל וועט מען נאָך רופן. דערווייל קען זיך די מלחמה ענדיקן.

די גאַנצע גרופּע האָט זיך געשלעפּט איבערן דאָרף אָן אַ ציל. עמעץ האָט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, אַז ס׳וואָלט געווען כדאי צוצוגיין אין „סיעל־פּאָ" זען וואָס מען גיט דאָרטן און מען איז אַוועק זוכן דעם „סיעל־פּאָ".

אסתר איז געגאַנגען צוריק צו דער אַכסניה, זי האָט דאָרט איבערגע־לאָזט איטעלען אַליין. אויפן הויף איז געשטאַנען דאָס פערד, אויסגעשפּאַנט נעבן וואָגן. אַכמעטאָוון האָט מען נישט געזען. נאָך אין דער פרי איז ער גע־קומען, געגעבן דעם פערד עסן און אַוועק צו זייניקע.

דער קליינער איטעלען האָט אסתר געטראָפן אין אַ ווינקל פון שטוב. אויפן דיל זענען געווען אויסגעלייגט געלע קירבעסן. אין די הענט האָט זי געהאַלטן אַ שייטל האָלץ. פון אויבן פאַרוויקלט מיט איר שאַליק. איטעלע האָט עס געטוליעט צו זיך און שטיל גערעדט:

— שרעק זיך נישט, נאַרעלע, וויין נישט — האָט זי אָנגעוויזן מיטן פינ־גער אויף די קירבעסן — דאָס זענען מענטשן, נישט קיין גזלנים... זיי וועלן דיך גאָרנישט טאָן... וויין נישט... שאַ... שאַ...

זי איז געווען שטאַרק פאַרנומען. יעדע ווײַלע אַוועקגעשטעלט איר „קינד", אָנגעשפּאַרט עס אָן אויוון־באַנק און ווידער גענומען אויף די הענט.

— איטעלע, ביסט דאָך הונגעריק.

— ניין, מאַמע, איך האָב געגעסן. אויפגעגעסן אַלץ וואָס דו האָסט אי־בערגעלאָזט.

— ווילסטו נאָך עפּעס?

— ניין, איך בין זאַט. איך שפּיל זיך.

— ווילסטו אפשר גיין מיט דער מאַמאַ שפּאַצירן?

— איך שפּיל זיך — האָט איטעלע געענטפערט אומצופרידן, מיט דעם וואָס די מאַמע שטערט איר.

— איך גיי אַוועק. וועסטו בלייבן אַליין?

— וועסט, מאַמאַ, באַלד צוריקקומען, יאָ? דאָס האָט די „כאַזאַיקע" מיר געגעבן צו שפּילן זיך. איך האָב געוויינט. געוואָלט גיין דיך זוכן. — זי האָט געלאָזט שטיין דער מאַמען, ווידער אַ כאַפּ געטאָן איר „קינד" — וויין נישט. זעסט, אָט בין איך דאָ — האָט זי צערטלעך גערעדט צו דעם און ערנסט גע־קרייזט נעבן די אויסגעלייגטע קירבעסן — קום, מירן גיין צו דער באַן!...

איטעלע האָט זיך אַפילו נישט אומגעקוקט, ווען אסתר איז אַרויס.

אויף ביידע זייטן פון דער שמאָלער און זייער לאַנגער גאַס, זענען געלעגן די כאַטעס, געצויגן זיך ביזן אָנהייב פון פעלד.

אסתר האָט נישט געוווּסט וווּהין זי גייט.

ערגעץ, דאָ נישט ווייט, קען מען איצט טרעפן אַלע פוילישע. נישט שווער זיי צו געפינען.זענען זיי דאָך אַוועק צום „סיעל־פּאָ". יעדער אין דאָרף ווייס זיכער, ווו דער געוועלב געפינט זיך. האָט זי אַ טראַכט געטאָן. זי האָט זיך אָבער פאַרהאַלטן פאַרן פּלאַץ, ווו זי איז פריִער געווען. זיך אָפּגעשטעלט. ער איז געווען אין גאַנצן פּוסט. שטאַרק צעטאָפּטשעט. זיין ליידיקייט און די סימנים פון די טריט האָבן אָנגעוואָרפן אויף איר אַן עלנט.

שוין בעסער וואָלט געווען צו טיילן דעם גורל פון זיי. — איז איר דורכ־געלאָפן אַ געדאַנק. — באַלד אָבער זיך אַליין דערווידערט — און איטעלע?

זי האָט זיך פאַרנומען צוריק. — איטעלע שפּילט זיך איצט — האָט זי זיך דערמאָנט — די גאַנצע פרימאָרגנדיקע איבערלעבונג, איז פאַר איר אַ מעשהלע צו שפּילן זיך. זי האָט זיך נעבעך שטאַרק דערשראָקן. ווי איז מיר, אַזוי איבערגעשראָקן דאָס קינד.

נישט ווייט פון זיך האָט זי דערהערט פאַרהאַלטן אַ פערד און וואָגן.

— פּעטיאַ! — האָט זי אויסגערופן אַ דערשטוינטע.

אַ צופרידענער איז ער געזעסן אין ברימשקע. זיינע אויגן, זיין גאַנץ פּנים האָט וואַרעם געשמייכלט.

— ביסטו גאָר דאָ, סטעראַ גאָלדענע, און איך זוך דיר.

— ווי קומסטו אַהער?

— געהאַט דאָ ענינים צו דערליידיקן... איך האָב געוווּסט דו וועסט דאָ זיין. געזען שוין אַלע אייעריקע נעבן „סיעל־פּאָ" אויף דער קוואַרטיר שוין געווען. דיין איטעטשקאַ שפּילט זיך. די מאַמאַ, זאָגט זי, וועט באַלד קומען.

ער איז געווען גוט אויפגעלייגט. אסתרן האָט די פּלוצעמדיקע באַגעגעניש צערודערט.

— איז וואָס גייסטו אַזוי אַרום איינע אַליין, וועמען זוכסטו?

— איך ווייס אַליין נישט. אָט, איך גיי.

— קריך אַריין אין וואָגן!

— וווּהין פאָרסטו דען?

— וווּהין דו וועסט וועלן.

— איך וויל אין ערגעץ נישט.

— וועל איך דיר פירן אין ערגעץ נישט. — ער האָט איר דערלאַנגט זיין האַנט. זי האָט איינגעשטיגן.

— פאָר, פּעטיאַ, פאַרביי דער קוואַרטיר. מיר וועלן נעמען איטעלען. זי וועט זיך פרייען אַזוי צו פאָרן. איך וועל זען דעם דאָרף.

— וואָס איז דאָ צו זען אַ דאָרף? אַלע דערפער זענען גלייך.

עס האָט גאָרנישט געדויערט און שוין זענען זיי געווען אין עק פון גאַס.

— וווהין פאָרסטו, פּעטיע, דאָ האָסטו געזען די פּוילישע?

— זיי זענען נישט ווייט פון דאַנען. און צו וואָס דאַרפסטו זיי האָבן? וואָס איז דיר שלעכט אָן זיי?

דאָס פערד איז געלאָפן פאָרויס. פּעטיאַ האָט אָסתרן צוגעדריקט צו זיך.

— איז דיר קאַלט? — ער האָט זי איינגעדעקט מיט דער פּאָלע פון זיין פּעלץ.

— אָבער וווהין פאָרסטו, פּעטיאַ? מיר זענען דאָך אין פעלד?

— איז נישט גוט אַזוי, שוואַרץ־אויגיקע מיינע? זעסט קיינער איז דאָ נישטאָ, קיינער זעט אונדז נישט. אָט, איצטער זאָג מיר, טייערע, פאַר וואָס אַנטלויפסטו פון מיר? האָסטו מורא פאַר האַנען, וואָס ווייגט מיט דיר? איז עס דיין מאַן אירער אַ ברודער?

פּעטיאַ האָט אָסתרן פאַרוואָרפן מיט פראַגעס און נישט געלאָזט זי ענט־פערן. פאַרשלאָסן איר מויל מיט זיינע ליפּן. ענדלעך האָט זי זיך אַרויסגעריסן, איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין זיין אָרעם.

דאָס פערד איז לאַנגזאַם געגאַנגען פאָרויס.

— זעסטו, ווי גוט עס איז, אַז איך האָב דיר געפונען? און דו, טייבעלע, אַנטלויפסט. דיר איז דאָך גוט מיט מיר. אונדז איז ביידן גוט אַזוי, סטע־ראָטשקאַ, וועסט שוין נישט אַנטלויפן, טייערע, קיין מאָל נישט?

ער האָט געוואָלט הערן איר ענטפער. זען עס אין איר בליק, אין אַ שמייכל. זי אָבער איז געלעגן איינגעגראָבן איר קאָפּ, איינגעקלאַמערט נישט אָפּצורייסן.

אויף כוח האָט ער גענומען איר קאָפּ אין זיינע הענט.

— דו וויינסט גאָר? — איר פּנים איז געווען נאַס פון טרערן.

— פיר מיר צוריק, פּעטיאַ טייערער, פאָר צוריק!

— דו וויינסט? האָב איך דיר עפּעס שלעכטס געזאָגט?

— ניין, פּעטיאַ, איך בעט דיר, פיר מיר צו איטעלען.

ער האָט פריי געלאָזט גיין דעם פערד. געזעסן אַן אַנטוישטער און אומע־טיקער.

— פאַר וואָס וויינסטו? האָסט פיינט אַ דאָרפישן, אַ פּויער? אָט מיין איך דו האָסט מיר ליב. און באַלד אַנטלויפסטו. מאָדנע, דריקסט זיך אַזוי האַרציק צו מיר און וויינסט. פאַר וואָס אַזוי, שוואַרץ־אויגיקע, סטעראָטשקאַ? איך האָב

דיך ליב... וויין נישט, טייבעלע מיינס, איך קען דיר נישט זען אַזוי. נו, הער דאָך אויף... הער אויף... די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועלן מיר ביידע אַוועק־פאָרן. ווייט וועלן מיר פאָרן. מיר וועלן לעבן אין אַ שטאָט, ווו דו וועסט וועלן. דאָרט וועלן מיר לעבן אַנדערש... נישט אַזוי, וועסט זען. אונדז וועט ביידן גוט זיין. איך וועל טאָן אַלץ, אַז דיר, מיין קליינע, זאָל גוט זיין... ביסט אַזאַ אַנדערע... איינציקע מיינע...

— פיר מיר צוריק, פעטיאַ, פיר מיר צו דער קוואַרטיר.

— אָבער צו וואָס?

— אַכמעטאָוו איז שוין געוויס געקומען, מיר פאָרן דאָך באַלד אַהיים.

— וועסט פאָרן מיט מיר.

— ניין, איך מוז שוין זיין דאָרטן. פאַרקירעווע דעם פערד.

— וועסט פאָרן מיט מיר! איך וועל דיר שוין נישט אָפּלאָזן. ווען אַכמע־טאָוו וועט אַוועקפאָרן, וועלן מיר דאַן פאָרן נעמען איטעטשקען.

ער האָט אַ ציִ געטאָן די לייטשעס, דאָס פערד האָט אָנגעהויבן לויפן.

— וועסט עס נישט טאָן! — האָט אסתר אויסגעשריִען דערשראָקן.

— האָסט מורא פאַר מיר?

— פעטיאַ, הער אויף צו יאָגן דעם פערד, קער אים אום! איך בעט דיר, פאַרקירעווע צוריק!

— אָבער וואָס איז דיר שלעכט מיט מיר?

— עס איז נישט אַזוי. עס איז מיר נישט שלעכט מיט דיר... שטעל אָפּ דעם פערד, פעטיאַ. טו נישט אַזוי, שטעל אָפּ!

ער האָט פאַרשנדיק געקוקט אויף איר און אָפּגעלאָזט די לייטשעס. זי האָט געוויינט.

— קטשאָרטו — האָט ער אַ זאָג געטאָן און פאַרהאַלטן דעם פערד.

פעטיאַ איז אַראָפּ פון וואָגן. ער האָט אַרויסגענומען אסתרן אויף זיינע הענט. זיין אָטעם האָט איר געבריט. איר האָט זיך געדוכט, אַז זי פליט, אַז זי פאַלט. האָט אַרומגעכאַפּט פעטיעס האַלדז און פעסט גאָר פעסט זיך גע־האַלטן... ווען ער האָט זי אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד איז זי געבליבן שטיין אַ באַרוישטע.

— נו גיי, איך האַלט דיר נישט... ביסט פריי...

ווידער האָט אסתר דערזען דעם זיגערישן שמייכל אין זיינע אויגן.

אַן אויגנבליק האָט עס געדויערט און זי איז שוין געלאָפן מיטן וועג צום דאָרף.

פעטיאַ האָט איר נאָכגעקוקט. ער איז אַרויף אויפן וואָגן, אויסגעקירעוועט דעם פערד און זי אָנגעיאָגט.

— קום אַרויף! קום ווילדע מיינע, איך וועל דיר אָפּפירן צו דער קוואַרטיר. ביידע זענען געזעסן און געשוויגן. אַ פרעמדקייט איז געשטאַנען צווישן זיי.

— אין גאָטס מאַמען! — האָט פּעטיאַ איבערגעריסן דאָס שווייגן — דרייסט זיך אַרום ווי אַ הייליקע... ביסט דאָך דאָס נישט!... מיר זענען דאָך אַלע לעבעדיקע מענטשן. אָט, אַ נאַר איך בין — האָט ער געקוקט אויף אסתרן פול מיט פאַרדראָס — מיינסט ביסט אַנדערש ווי אַלע מיידלעך דאָ. האַלסט זיך פאַר בעסער פון אונדז... ביסט ערגער... גלייב מיר, ביסט ערגער!... און איך, דער נאַר, לויף דיר נאָך... פאַר וואָס בין איך נישט אַזוי ווי איך בין... נו, געוויינלעך... ווי אַלע מענטשן זענען... זענען דאָך אַלע באַשאַפן מיט דער זעלבער נאַטור... און דו אויך! ווער לאָזט דיר נישט זיין נאָרמאַל? איז עס צוליב האַנגען, וואָס וווינט מיט דיר? איז זי עס דיין מאַנס שוועסטער? זי האָט מיר נישט ליב. האַנגע.

— וואָס פאַלט דיר איין, פּעטיע. זי איז אַ ווילער מענטש. רייד נישט פון איר אַזוי. אַ גוטע מאַמע, אַ גוטע פרוי צו איר מאַן...

— אין איר עלטער קען זי שוין זיין אַ גוטע פרוי צו אַ מאַן, וואָס ווייס איך ווו ער איז — האָט פּעטיע איבערגעריסן אסתרס רייד. זיין כעס האָט געשטילט. זיין קול איז געוואָרן אַלץ מילדער.

— אָבער דו, סטעראַ?... איך ווייס, דו האָסט מיר ליב. נו, אָט קומען מיר אָן צום דאָרף... צווישן מענטשן וועסטו פאַר מיר נישט מורא האָבן?... ווי וואָלט איך געוואָלט דיר פיינט קריגן... פאַר מיר האָסטו מורא?...

— עס איז נישט אַזוי, פּעטיאַ.

— שוואַרץ־אויגיקע טשודאַטשקע וואָס דו ביסט, קענסט זיין אַזוי פרעמד... ווי שעמסטו זיך נישט? שוין אָט זעסטו, דאָ האָב איך דיר באַגעגנט... מיר קומען צו. ביסטו צופרידן — האָט ער גערעדט מיט פאַרביטערונג.

— פּעטיאַ...

— עס איז דיר קאַלט? — האָט ער געדריקט איר האַנט אין זיינער — וועסטו פאָרן מיט מיר פון קובישי?

— דו פאָרסט אַוועק פון דאַנען!?

— יאָ. נאָך נישט איצטער... ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן. וועלן מיר ביידע פאָרן. דו, סטעראַטשקאַ, וועסט פאָרן מיט מיר. אמת, דו וועסט פאָרן? דאָרטן אין די שטעט מוז זיין אין גאַנצן אַנדערש. איך האָב ליב די אַנדערש־קייט. אָבער פאַר וואָס ביסטו אומעטיק? דיין אומעט מאַכט אַזוי ווייך מיין האַרץ... איך בין נישט בייז אויף דיר... ביסט אַזאַ... טשאָרט וואַזמי... אַז דיר וועט זיין גוט... ווען אונדז ביידן וועט גוט זיין, וועסטו דאָך זיין פריילעך? האָ, פרעמדע מיינע?

אַ צעקלעמטע האָט אסתר געהערט פּעטיעןריידן. אָט איז זי ווידער דורכ־געפּאָרן דעם פּוסטן פּלאַץ. זי אָבער האָט אים געזען פול מיט אַרעסטאַנטן, האָט אויפגעכאַפּט זייערע בליקן און צווישן זיי דערקענט מנחמען. זיין גע־שטאַלט... זיין פּנים.. זיינע אויגן, טרויעריקע ווי ביי אַלע, וואָס זענען מיט אים. נעבן איר איז געזעסן פּעטיע, זי האָט געפילט דעם אַראָמאַט פון פעלד און היי...

אויפן הויף פון דער אַכסניה האָבן שוין די פּוילישע זיך איינגעזעצט אין וואָגן. אַכמעטאָוו האָט געהאַלטן אין אַראָפּנעמען די טאָרבע האָבער פון פערדס האַלדז.

— בלייב געכטיקן אין דאָרף, סטעראָטשקאַ.

— איך קען נישט.

— ווילסט נישט בלייבן?

— איך טאָר נישט.

— טאָ פאַר וואָס וויינסטו?

— איך ווייַן... נישט דו ביסט שולדיק...

פּעטיאַ איז אַוועקגעפאָרן גלייך מיט דער גאַס. נישט צו ציִען די אויפ־מערקזאַמקייט. אסתר האָט גענומען איטעלען און זיך אַריינגעזעצט אין וואָגן.

# קאַפּיטל XIII

מיטן אָנקומען פון פרילינג, האָבן זיך אין דאָרף באַוויזן פּוילישע לאַגער־ניקעס. עס איז באַפרייט געוואָרן דער קאַפּיטאַנאָוועס מאַן און אַוועק אין באַזולוק, דאָרטן האָט מען פאַרמירט די פּוילישע אַרמיי. ער האָט דער ערשטער דערציילט, אַז פון די לאַגערן זענען אַלע אַוועק אין דער אַרמיי.

עס איז לעבעדיקער געוואָרן צווישן די פאַרשיקטע. אויך דער פרילינג האָט געטאָן דאָס זייניקע. די זון האָט אויפן קאַזאַכסטאַנער אופן אַ ברי געטאָן. ביי טאָג האָט שטאַרק געלאָזט דער שניי.

אומגעריכט פאַר איר אַליין, האָט אסתר אויפגעוואַכט, ווי פון אַ ווינטער־שלאָף.

פּלוצלונג איז פאַר איר קלאָר געוואָרן אַ זאַך, וואָס זי האָט זייער לאַנג נישט באַנומען... אייגנטלעך האָט זי דאָס נאָך פריִער געדאַרפט פאַרשטיין, עס איז דאָך אַזוי פּשוט: עס האָט געמוזט זייער לאַנג געדויערן. איצט אָבער האָט עס שוין אַלץ לאַנג געדויערט... עס הייבט זיך שוין אָן. ער וועט גיך קומען, מנחם...

אין איינער אַ נאַכט, האָט זי אָפּגערעדט מיט חנהן, אויף מאָרגן זיך אויפצוהייבן גאָר פרי. פאַר איר גיין צו דער אַרבעט, האָט זי נאָך געוואָלט באַוויזן אַריינצוגיין צו בוראַקאָווען. איר מאַן איז די טעג געקומען פון לאַגער.

חנה קען אַפילו דעם דאָרף פון וואַנען ער שטאַמט — זאַשעטשע. דאָס איז נישט ווייט פון איר היים, פון סיוויטש. עס קען זייער מעגלעך זיין, אַז בוראַקאָוו איז געווען צוזאַמען מיט איר שמואלן.

כאָטש אַזאַ זאַך האָט זיך זייער געלייגט אויפן שׂכל, האָט זי נישט געאיילט צו גיין אים זען. זי האָט זייער מורא געהאַט פאַר אַ נייער אַנטוישונג. אַ גאַנצע נאַכט האָט זי נישט צוגעמאַכט מיט קיין אויג.

אויך אסתר איז געלעגן וואַך. אייגע פאַר דער צווייטער האָבן אָבער נישט אַרויסגעוויזן די שלאָפלאָזיקייט. אויפגעהויבן זיך ערשט דאַן, ווען אין דרויסן האָט זיך דערהערט בורעקס בילערייַ און אַננעס זעצן אין טיר מיט אַ געשריי:

— אַגאַפּיע! היי, אַגאַפּיע עפן אויף! עס איז דאָך נישט מעגלעך, דו זאָלסט נאָך שלאָפן. מען קומט דאָך שוין באַלד קלייבן עסן פאַר דער בריגאַדע!

אַגאַפּיע האָט זיך אויפגעריסן פון שלאָף און געשפּייט פאַר פאַרדראָס.

— טפו זאָל דאָס ווערן! פאַרשלאָפן זיך!

זי האָט אָנגעצונדן אין קיך דאָס לעמפּל און געבייזערט זיך אויף בורעקן, ער זאָל אויפהערן צו בילן. באַלד האָט ער זיך טאַקע באַרויִקט און מען האָט בלויז געהערט אַנגעס יענטשעדיקן קול:

— איך וויל ביי דיר באָרגן אַ רעשיטע, אַגאַפּיע. געקויפט נעכטן אַ האַלבן פּוד אָטרובעס ביי אַ קאָזאַך. אַז פאַרברענט זאָל ער ווערן, פול מיט זאַמד... פּשוט שטיינדלעך. אוממעגלעך צו עסן די „פּישקעס" דערפון. קנאַקן אונטער די ציין. אוממעגלעך... אוממעגלעך — האָט זי נאָכאַנאַנד איבערגעחזרט. ביז מען האָט געהערט איר פאַרקלאַפּן די טיר נאָך זיך.

עס איז שוין געווען נישט פרי. אַגאַפּיע האָט גלייך אַריינגעלייגט פייער אין אויוון.

— ווער ווייסט ווען די קיזיאַקעס וועלן זיך צעברענען — האָט זי גע־וואָרטשעט אומצופרידן. — נאַס. עס רינט ממש דאָס וואַסער פון זיי. סיידן די הינטערשטע האָבן זיך אַ טריקן געטאָן פאַר דער נאַכט.

זי איז געווען אָנגעכמורעט, אַגאַפּיע. ערשט נעכטן האָט זי אַרויסבאַקו־מען די לעצטע שיכטן קיזיאַקעס פון אונטערן שניי.

— שוין אויס מיט דער גאַנצער סטויג — האָט זי זיפצנדיק זיי אויסגע־שטעלט ביי דער וואַנט, אַנטקעגן דער זון. זי האָט געהאָפט, אַז דורכן טאָג וועלן זיי זיך אַ טריקן טאָן און אויף נאַכט זיי געלייגט אין אויוון. איצט איז זי ווידער געוואָרן אומצופרידן:

— עס ווערט קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. אויסגעגאַנגען די גאַנצע הייצעכץ. נישטאָ שוין וואָס צו לייגן אין אויוון אַריין.

חנה האָט זיך שנעל אָנגעטאָן, גענומען שיילן קאַרטאָפל. זי האָט נאָר גע־וואָלט באַווייזן צוצושטעלן צום פייער. די קינדער, זאָלן געזונט זיין, וועלן שוין אַליין אַרויסנעמען און עסן פאַרן אַוועקגיין אין שולע.

אויך אסתר האָט זיך גענומען אָפּשיילן עטלעכע קאַרטאָפל. און אפשר זאָל איך בעסער אָפּקאָכן אַ שטיקל טיקווע — האָט זי אַ קלער געטאָן.

אַגאַפּיע האָט זיך איינגעאָרדנט אַנטקעגן אויוון. גענומען אַ בענקעלע אונ־טער די פיס און געשיילט די שאָלעכץ אין שויס אַריין.

—איינס, צוויי, דריי, פיר... — האָט זי געציילט די קאַרטאָפל — עס וועט זיין גענוג — האָט זי גערעדט צו זיך — כ'וועל פון דעם מאַכן עטלעכע

פיעראָזשקעס, אָפּקאָכן אַ ביסל „לאַפּשאַ“ פאַר נאַדזשקען. אפשר וועט זי אָנ־קומען.

אומגעריכט פאַר אַלעמען האָט זיך דאָס פייער אין אויוון גיך צעברענט. אַגאַפיע איז פון דעם געוואָרן באַזונדערס אויפגעלייגט. אויף איר פּנים האָט זיך אַרויסגעכאַפּט איר שטענדיק איינגעהאַלטענער שמייכל.

— הערסטו, סטעראַ, איך אין דיינע יאָרן... ווען איך בין געווען אַזוי יונג ווי דו, האָב איך דעם טייוול די אויערן אַראָפּגעדרייט.

אסתר האָט נישט געענטפערט. זי האָט גוט געקענט אַגאַפיעס ריידעלעך און געוווּסט וואָהין זי צילט.

אַגאַפיע איז אָבער גאָר נישט נתפּעל געוואָרן. נישט דערוואַרט זיך אויף קיין ענטפער, האָט זי ווייטער גערעדט אַ צופרידענע מיט די אייגענע באַטראַכ־טונגען.

— אָבער אַ שיינער יונג איז ער? האַ, סטעראַ, איך רעד... נו, דו ווייסט דאָך גוט וועמען איך מיין... הויך געוואַקסן, מיט בלויע אויגן, אַ שוואַרצע טשופּרינע. ער איז גאָר נישט ווי קיין אונדזעריקער. זיינע עלטערן זענען גע־קומען פון אוקראַינע, זאָגט מען, ווען ער איז נאָך געווען אַ פּיצל. עס מוז זיין ווייט פון דאַנען... איז עס ערגעץ אין דיינע קאַנטן?

— איך קום פון פוילן.

— אָבער ער האָט דאָך שוואַרצע האָר אַזוי ווי דו!

— איך בין אַ יעווריעקע.

— זאָל זיין אַ יעווריעקע. נו, טיביאַ ק׳זשידאַם!“ וועסט זיך דאָ נישט פונאַנדערקלייבן — זאָגט זי און ווייסט אפילו נישט דעם שייכות פון וואָרט „זשיד“ מיט אסתרן, זי מיינט עס פּשוט צום טייוול. — וואָס איז דיר דער אונטערשיד? — ווערט זי נאָך אויפגעלייגטער פון דעם, וואָס איר איז געלונ־גען אסתרן אַריינצוצי׳ען אין שמועס — וועסט שוין אַלץ איינס בלייבן אַן אונ־דזעריקע. וועסט דאָך מיר נישט דערציילן קיין באָבע־מעשיות, אַז דייך מאַן, וועלכן דו זוכסט אַרום ווי אַ ווינט אין פעלד, איז שענער פון אים. דורעטשקע, אויף וואָס וואַרטסטו? זעלטן ווער עס קומט צוריק פון דאָרטן... ער וואָלט געלעבט וואָלט ער שוין לאַנג געקומען...

אויפגעבראַכט פון אירע רייד, האָט זיך אסתר אַ הייב געטאָן און אַרויס אין האָרניצע. זי האָט אָנגעטאָן דעם מאַנטל און געזאָגט חנהן, אַז זי וואַרט אויף איר אין דרויסן. ווען זי איז בעתן אַוועקגיין צוריק דורכגעגאַנגען די קיך, האָט זי נאָך אַלץ געהערט אַגאַפיען רעדן.

— דו הערסט, אַננאַ, אָט אַ בהמה די סטעראַ, פּירט זיך אויף אין גאַנצן

ווי אַ קינד. גלייב מיר, אַז איך האָב זי ליב, נאָר איך קען זי נישט צעקייען, עפּעס אַ מאָדנע טשודאַטשקע... איך אין אירע יאָרן... עד... עד...

— עסן! עסן! פּויליאַקעס! פּעפּערס, וואָס איר זענט! ברענען זאָל איך אויף די הערצער, וועט איך זיין ליכטיק אין די בייכער! טראָגט אַרויס עסן פאַר די אַרבעטער אין בריגאַדע!

דאָס האָט מען דערהערט מאַרוסיען שרייען אין גאַס.

— שוין, מען בעט שוין עסן פאַר דער בריגאַדע — האָט אַגאַפּיע זיך אויפגעהויבן און גענומען איילן.

באַלד איז אַרויסגעקומען חנה און אַוועק מיט אסתרן.

די גאַס איז נאָך געווען אויסגעשטאָרבן, שטיל. דער פרימאָרגן אַ קאַלטער.

אין יענע טעג פלעגט זיך אָפּט ווייזן מאַרוסיע אין דאָרף. די באַבעס ביי די אויוונס האָבן גלייך דערקענט איר קול.

זי איז נאָכגעלאָפן נאָכן בייק, און מיט איר מענער־שטים געשריִען איבער דער גאַנצער גאַס. געשאָלטן מיט טויטע קללות, געזידלט די אַלע, וואָס האָבן איצט גאַנצע שיך און עסן הייסע קאַרטאָפליעס.

— אַז דערוואָרגן זאָלט איר ווערן!... איר זיצט אויף די אויוונס און וואַרעמט זיך די פּיאַטעס און מאַרוסיע די ביעזשענקע פרירט אַ הונגעריקע! אַז פּגרן זאָלט איר! איר טראָגט אַרויס עסן? פּויליאַקעס, עס איז קאַלט. איך ווער געפרוירן.

מאַרוסיע האָט געטראָגן אויף זיך אַן אַלטע, דורכגעלעכערטע פופייקע. אויפן קאָפּ אַ גרויס מענער־היטל, אַראָפּגערוקט איבער די אויערן. אויף איין פוס האָט זי געהאַט אַ צעריסענעם שוך איבערגעבונדן מיט אַ שמאַטע. אויף דעם צווייטן — אַן אַלטן ווויליאַק.

קיין טיר האָט זיך נישט געעפנט, קיינער האָט זיך נישט געאיילט. מען האָט געוווּסט, אַז מאַרוסיע וועט נישט אַוועקפאָרן, ביז עס וועט נישט פאַרטיק ווערן דאָס עסן אין די אויוונס.

ווען איר איז נמאס געוואָרן דאָס זידלען, האָט זי זיך צעזונגען.

— איר זענט אַלע איבער נאַכט אויסגעשטאָרבן — האָט זי געזאָגט און דערפילט זיך ווי זי וואָלט טאַקע געווען איינע אליין אין דאָרף. הויך און צע־צויגן האָט זי אויסגעשריִען איר בענקשאַפט צו די ווייסרוסישע פעלדער:

„כ׳האָב ליב מיין הײם, די אָרעמע פעלדער
מיט קאָרן שיטערן פאַרזייט
ווו כ׳האָב מיין ערשטע פרייד געשיכורט
מיין ברויט, מיט טרערן, דורכגעווייקט״.

ווייבער זענען שטיל אַרויס פון די שטיבער, אַנדערע האָבן אַרויסגעקוקט

דורך די פענצטער. זי האָט קיינעם נישט געזען. געשלעפּט זיך, דעם קאָפּ פּאַר־הויבן אין דער הויך. זי האָט געלאָזט דעם בייק גיין זיין וועג און געבליבן ווייט הינטער אים אין גאַנצן פאַרנומען מיט איר ליד:

„אָך דאַליע, ביטערע ביעדאַליע!
ווו וואָגלסטו אַרום אַליין?
אַריבער די רחבותדיקע סטעפּעס,
איך הער דיין טרויעריק געוויין“.

ווען מאַרוסיע האָט באַמערקט, אַז מען הערט זיך צו צו איר, האָט זי אָנגעהויבן מאַכן משוגעתן: זיך צעטאַנצט איבער מיטן גאַס, אומגעלומפּערט געהויבן די פּיס. ספּעציעל צו ווייזן איין מאָל דעם שוך און איין מאָל דעם ווויליאַק. זי האָט געחוזקט פון זיך און פון איר הולך.

— איך געפעלט צו הערן דער משוגענער מאַרוסיען זינגען? זי קען אויך טאַנצן, די ביעזשענקע, די האָלאָדראַנקע... אין סטעפּ קומט פּויליאַקעס! קומט, מיר וועלן דאָרט זינגען און טאַנצן צוזאַמען — האָט זי הילכיק געלאַכט.

אַזוי לאַכנדיק האָט מאַרוסיע צעטראָגן די נייס, אַז איר באַלעבאָס פון לעפּיאַנקע, דער לאַנגער קריוואָשעיעוו איז אויס מיט די קאָפּיטעס...

— שוין — האָט זי געזעדט מיט איבערגעטריבענער פרייד — ער איז שוין אַ גליקלעכער מענטש, דער לאַנגער קריוואָשעיעוו. אים אַרט שוין נישט זיין געשווילעכץ, אַפילו אַ האָר אויך נישט. ער האָט אייך שוין אַלעמען אין דער ערד... נעכטן האָט זיך אים פאַרוואָלט עסן, איז ער אַוועק אויף וויעטשע־רע צו גאָט. איצט קען שוין דער בריגאַדיר צו אים רעדן וויפל זיין האַרץ גלוסט. קריוואָשעיעוו גייט נישט מער אין סטעפּ!... איר מעגט אים מקנא זיין... ער איז שוין פּטור אַן עסק!

מאַרוסיע מיט איר געפּילדער האָט אויפגערודערט דעם דאָרף.

ווען חנה מיט אסתרן זענען געקומען צו בוראַקאָווען, איז שוין איר כאַטקע געווען פול. נאַטאַליע, ביי וועמען בוראַקאָווע מיט איר זון האָבן שוין גע־וווינט עטלעכע יאָר, האָט זיך געפילט ווי אַן אמתער בעל־שמחה.

די ליימענע פּאָדלאָגע איז געווען פריש געשמירט. די פאַרהענגלעך ריין אויסגעוואַשן. נעבן טיש, אין ווינקל, סאַמע אונטער דער איקאָנע, איז געזעסן דער גאַסט בוראַקאָוו.

מיט אַ פאַרשיכורטן בליק האָט ער געקוקט אויף די פרויען און אַלטע לייט. זיי האָבן פול געמאַכט דאָס שטיבל. בלויז דעם נידעריקן באַלקן האָט מען געקענט זען.

חנה האָט זיך אַריינגעשטופּט אין אַ ווינקל, פון דאָרטן געקוקט צום גאַסט און אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו אַלץ וואָס מען פרעגט אים.

— זענען מיט אייך אין לאַגער אויך געווען אַזעלכע מענער, וואָס ווייסן נישט ווו זייערע משפחות זענען? — האָט געפרעגט די פּאַני האַלינע.

בוראַקאָוו איז געזעסן אַ שווערער. ער האָט געענטפערט לאַנגזאַם, איידל, ווי עס פּאַסט צו רעדן מיט אַזעלכע גרויסע פּריצטעס. גאָר גיך איז ער אָבער געוואָרן מיד. זיין שווערער בליק האָט גענומען נאָכפאָלגן דער ווייב. זי האָט אַ גליקלעכע זיך געדרייט צווישן עולם. יעדע ווילע צוגעלאָפן צום איווען, געגרייט עפּעס אָנבייסן פאַרן מאַן. בוראַקאָוון האָט טאַקע שטאַרק געצויגן ביים האַרץ און אַליין נישט געוווּסט פון וואָס. די נייס, אַז זיין זון איז מיט צוויי וואָכן צוריק אַוועק אויפן פראָנט, האָט ער אויף אַ רגע נישט געקענט פאַרגעסן. דער קאָפּ האָט זיך אים אַלץ שווערער און שווערער אַראָפּגעלאָזט. אומבאַהאָלפן האָט ער געקוקט אויף אַלעמען אַרום זיך.

— וואָס קלערן פאָרט צו טאָן די אַלע מענער, וואָס ווייסן נישט ווו זייערע פאַמיליעס זענען? — האָט עמעץ געפרעגט.

— ווייס איך וואָס? — האָט ער געצויגן מיט פויערישער לאַנגזאַמקייט — זיי וועלן פּעוונע גיין אין אַרמיי. איר אָבער דאַרפט זיך נישט דערהרגענען. די וואָס לעבן וועלן קומען... אַלע וועלן קומען... מען גייט אַוועק פון דאָרטן... מען לאָזט אַרויס, טייערינקע, מען לאָזט אַרויס...

פון דער ווייטן האָט חנה געשלונגען זיין יעדעס וואָרט. איינגעוויקלט אין איר ווינטערדיקער פאַטשיילע, האָט זי געקוקט צו אים, קיין אויג נישט אַראָפּ־געלאָזט. איר האָט זיך געדוכט, אַז איר גאַנצער גורל איז איצט אָפּהענגיק פון בוראַקאָוון. דאָס האַרץ האָט איר געקלאַפּט ווי מיט אַ האַמער.

ווען אַלע האָבן זיך שוין אויף אַלץ אויסגעפרעגט און דער עולם האָט אָנגעהויבן פונאַנדערגיין זיך, איז חנה צו צום טיש:

— האָט דער כאַזיאַיען בוראַקאָוו נישט אָנגעטראָפן אַ מאָל, פּונקט אויף אַ ייִד, וואָס הייסט שמואל, פון דאָרף סייוויטש ?

— פון סייוויטש? — האָט בוראַקאָוו איבערגעחזרט אַן אויפגעהייטער־טער — שוין לאַנג נישט געהערט וועגן דעם דאָרף. אַ שיינער דאָרף געווען... מיין מאַמעס משפּחה... אַלע אירע ברידער, אַ שוועסטער מיטן מאַן, אַלע גע־לעבט אין סייוויטש. אַ פיינער דאָרף געווען... גאָר אַ פיינער דאָרף... יאָ אַ ייִד שמול?...

חנה האָט אין שרעק דערזען, אַז ער טראַכט צו לאַנג. האָט זי שנעל אַרויסגעצויגן פון אונטער דער פאַטשיילע אַ קליינע, פּאַספּאָרטנע פאָטאָגראַ־פיעלע און אונטערגעטראָגן עס בוראַקאָוון מיט געבעט

— זאָל דער כאַזיאַיען בוראַקאָוו גוט קוקן. עס קען זיין, אַז איצט איז

ער בלויז אַ ביסעלע ענלעך. ווייל ער איז דאָך נעבעך שטאַרק צעבראָכן פון די צרות...

זי אַליין האָט געקוקט אויף דעם בילדל, אויף בוראַקאָוון און אירע שוואַרצלעך זענען געלאָפן הין און צוריק. זיי האָבן זיך נישט געקענט אָפּ־שטעלן.

בוראַקאָוו האָט געהאַלטן דאָס קליין בילדעלע אין זיין גרויסער האַנט. געקוועטשט מיט די אַקסלען און שוין געוואָלט עס אומקערן חנהן. האָט אָבער זיין בליק זיך באַגעגנט מיט אירע לויפנדיקע שוואַרצלען און ער האָט עס שנעל צוריקגענומען צו זיינע אויגן.

נישט קוקנדיק מער צו איר, האָט ער פּאַמעלעך געצויגן

— מיר דוכט... יאָ... איך האָב... געוויס אַזאַ באַגעגנט... אַזאַ האָב איך געזען... יאָ... יאָ... געזען...

חנה איז געקומען אַהיים מיט אַ נייעם אַדרעס. ווען די קינדער זענען געקומען פון שולע, האָט זי ווידער דיקטירט אַ בריוו דעם מאָל דירעקט צום נאַטשאַלניק פון לאַגער: ער זאָל זיך מרחם זיין אויף איר און אויף אירע קליינע קינדער, וואָס ליידן נעבעך אומשולדיק און אָפּגעבן דעם בריוו שמואל יאפּע. פון דאָרף סייוויטש. אויב ער, שמואל, איז שוין אַוועק פון לאַגער, זאָל דער נאַטשאַלניק, וואָס האָט געוויס אַ גוט, מענטשלעך האַרץ ענטפערן אויפן פאָלגנדיקן אַדרעס:

סעווערא קאַזאַכסטאַנער אָבלאַסט. פּרעסאָווקער ראַיאָן. קובישער סיעל סאָוויעט, אַננאַ יאפּע.

דעם זעלבן טאָג האָט חנה אָפּגעטראָגן דעם בריוו אויף דער פּאָסט.

***

פון בוראַקאָווען איז אסתר אַוועק צו דער אַרבעט. אַהיים איז זי געקומען שפּעט. אין שטוב איז שוין געווען פינצטער, אַ סך טונקעלער ווי אין דרויסן. עס איז געווען שטיל, ווי קיינער וואָלט נישט געווען. חנה איז געוויס אַריין צו קוריילקען, האָט אסתר אַ טראַכט געטאָן. אוודאי פאַרזעסן זיך. דאָרט הערט מען ראַדיאָ.

אסתר איז שוין אַדורך די קיך, פאַרנומען זיך צום האַרניצע, און אומגע־ריכט דערהערט אַגאַפיעס קול. זי איז געשטאַנען ביז העלפט אריינגעבויגן אין אויוון און פון דאָרט געצויגן די סקאָווראָדעס מיט געטריקנטע פּראָסע.

— סטעראַ, ביסט דאָ? — האָט זי געשריִען פון פינצטערן ווינקל אַרויס. — אַ שאָד ביסט פריִער נישט געקומען. ער איז דאָ נאָר וואָס געווען.

— ווער ?

— פּעטיאַ!

זי האָט זיך אַרויסגערוקט איר אַנטקעגן און אסתּר האָט אין דער טונקל, מער געפילט ווי געזען, דעם צופרידענעם שמייכל אויף אַגאַפיעס פּנים.

— ער איז דאָ געווען ביי אייך? — האָט אסתּר אַ פרעג געטאָן און גלייך חרטה געקראָגן אויף איר נייגעריקייט.

— געווען איז ער טאַקע ביי מיר, אָבער געזוכט האָט ער דיך.

— וואָס האָט ער מיך געדאַרפט? — האָט שוין אסתּר אַ פרעג געטאָן בייזלעך.

— דאָס פרעג איך דאָך אויך, סטעראַ, וואָס דאַרף ער דיך? אַ בחור ווי אַ גאָלד. פעלן דען יונגע מיידלעך אין דאָרף?...

אסתּר האָט גאָר נישט געענטפערט. געלאָזט איר שטיין און אַריין אין צווייטן צימער. די קינדער זענען געשמאַק געשלאָפן. זי האָט זיך דורכגע־שטופּט פאַרביי די אָנגעשטעלטע געלעגערס און געלייגט זיך אויף איר בעט. ביים סאַמע ברעג, נישט אויפצוּוועקן איטעלען.

אַ גאַנצן טאָג און אויך איצט האָט זי אַלץ געטראַכט וועגן פרימאָרגן ביי בוראַקאָוון אין כאַטע.

„מען לאָזט שוין אַרויס" האָט ער געזאָגט. „אַלע וועלן קומען". אָט זעט זי בוראַקאָוון אַ צעשטראַלטע, אַ צעשמאַיעטע. יעדע ווילע פאַרשאַרט זי די שוין אין גאַנצן ווייס געוואָרענע האָר, אונטער איר טיכל און זאָגט עפּעס, זוכט אַ טרייסט פאַר די פרויען אין איר שטוב.

אסתּר שפּיצט אָן איר געהער. פון ווייטן דערטראָגן זיך טענער פון אַ גאַרמאָשקע, מישן זיך צונויף מיט אַ געזאַנג. בחורים און מיידלעך גייען מיטן וועג. זיי דערנענטערן זיך. אסתּר צאַפּלט אויף מיט דער פרייד, וואָס קומט פון דרויסן.

עס איז איר מיט אַ מאָל אַ שאָד דאָס בייזערן זיך אויף אַגאַפיען. נישט געדאַרפט זי אַזוי באַליידיקן און לאָזן שטיין ווי אַ נאַר, האָט זי אַ קלער גע־טאָן. עס איז איר אויפגעקומען אַ מיטלייד צו פּעטיען, וואָס האָט זיך אַנטשלאָסן אַהערצוקומען און איר נישט געטראָפן.

— איך דאַרף נישט זיין טרויעריק — זאָגט זי זיך — עס וועט נישט לאַנג געדויערן און אַלץ וועט ווערן גוט.

דאָס געזאַנג אויפן וועג דערטראָגט זיך אַלץ שטאַרקער. אַ מיידל לויפט פאַרביי דעם פענצטער, געיאָגט דורך עמעצן: ער האָט זי געכאַפּט און זי לאַכט הויך. די גאַנצע גרופּע איז צוגעקומען גאָר נאָענט. אסתּר אונטערשיידט די שטימען, הערט דייטלעך די ווערטער:

„פלעגט מײַן מאַמע זאָגן מיר:
קינד, לעב רויק, ערלעך.
ליב נישט קיין שוואַרצאויגיקע,
היט זיך, ס'איז געפערלעך!"

— צו וואָס האָב איך זיך שוין געלייגט אין בעט אַרײַן? גלײַך מיט די הינער געגאַנגען שלאָפן. — באַדויערט זי זיך — עס איז דאָך נאָך פרי. אין גאַס איז נאָך אַזוי פרייליך...

זי קען נישט אײַנשלאָפן. זיי זענען אַלע שוין געבן איר פענצטער... זיי זינגען, לאַכן... זי דערקענט זײַן קול... און אָט, ווערט שטילער... זיי דערווײַטערן זיך. די ווערטער פון ליד הערט זי נאָך:

„היט זיך זון, מײַן אײנציקער,
קענסט זיך נאָך פאַרלירן.
אויגן שוואַרצע כּישופן,
ווייס, אַז זיי פאַרפירן.
איך געדענק, כ'געדענק אַמאָל
מײַן טאַטע פלעגט מיר זאָגן..."

און מער הערט מען נישט. דאָס געזאַנג ווערט אַלץ שטילער און שווימט אַוועק אין דער נאַכט. אסתּר וויל עס נישט פאַרלירן. זי טוט אַ שפּרונג אַרויס פון בעט. נעמט זיך אָנטאָן.

— פאַר וואָס לאָזט מיך חנה אַליין מיט די קינדער? איך וויל נישט זײַן אָן איר...

אין מיטן אָנטאָן זיך, בלײַבט זי אָבער שטיין פאַרטראַכט.

— וואָס גיי איך טאָן? — פרעגט זי זיך און הייבט ווידער אָן זיך אויסצוטאָן. — איך וויל דאָך אים נישט זען... איך וויל דאָך קיינעם נישט זוכן, נישט באַגעגענען... קיינעם נישט...

אסתּר לייגט זיך צוריק אין בעט. פון גאָר ווײַט קומט נאָך דער עכאָ פון אַ געפילדער און אָפּגעריסענע טענער פון גאַרמאָשקע. זי ליגט נעבן איטעלען און הערט איר רעגלמעסיקן אָטעם.

פון קיך דערטראָגט זיך אַ טעמפּער קלאַפּ מיט דער קאַטשאַלקע אין דער גרויסער, הילצערנער סטופּע. דאָס שטויסט אַגאַפיע אָפּ די לוסקעס פון דער געטריקנטער פּראָסע.

# קאַפּיטל XIV

מיט איר מאַמעשער דערפאַרונג צו היילן אַ ווייטיק אין האַלדז, אַ ראַץ אויפן פוס, האָט חנה געהאָלפן האָדעווען דער קליינער איטעלען. זי איז געווען זייער אַ גוטע, חנה, און געהאַט אַ סך געדולד, וואָס זי האָט געלערנט פון די פּויערים אין דאָרף.

בעת איטעלעס קראַנק ווערן, האָט זי אויסגענוצט אַלע אירע באַבסקע סגולות. ביי דעם איז זי אַרומגעגאַנגען אַ שטילע, אָן ערנסטע און נאָכאַנאַנד איבערגעחזרט:

— שרעקט אייך נישט, אסתר, עס וועט איבערגיין. גאָט וועט העלפן.

נאָך דעם אַז דאָס קינד איז געזונט געוואָרן, האָט חנה שטענדיק געדענקט צו דערמאָנען:

— זעט איר, אסתר, אַז גאָט האָט געהאָלפן?

פאַר די אַלע יאָרן, וואָס חנה מיט איר פאַמיליע, האָבן דורכגעלעבט אין דאָרף, אָפּגעזונדערט פון יידן, האָט זי זיך איינגעלעבט מיט אַ גאַנץ אייגענער און גאָר אינטימער פאַרבינדונג מיטן רבונו של עולם. זי האָט געהאַט צו אים אירע אייגענע תפילות.

שוין דאָרטן, האָט זי אין אָנהייב פון וואָך, גלייך זונטיק פאַר טאָג, זיך גענומען צייט, אָפּגעזונדערט זיך אין א ווינקעלע און שטילערהייט געבעטן:

„רבונו של עולם, טאַטע אין הימל, דו זעסט דאָך: קיין בראַנפן טרינקען מיר נישט. מיר פרעסן נישט, חלילה, קיין דבר אחר. מיר שלאָגן זיך נישט, זידלען זיך נישט, טאָ שיק אונדז צו דאָס כשרע שטיקל ברויט. איך וויל דיר דערמאָנען מיין רולקע סיץ. די וואָס מיט די גרויסע, געלע בלומען און גרינע בלעטלעך. גיב זיי, טאַטע, פאָטער, חן אין די אויגן פון די שיקסעס. זיי ליגן שוין ביי מיר לאַנג און דער זומער גייט אַוועק. דו זעסט דאָך ווי מיר מאַטערן זיך פאַר דעם שטיקל חיונה. ביי דיר איז דאָך דאָס אַ קלייניקייט. איז שענק פרנסה, געזונט און לאַנגע יאָרן מיין מאַן, מיינע קינדער, מיר און אַלע יידן. אָמן“.

אויך דאָ אויף פאַרשיקונג, האָט חנה געזאָגט אירע אייגענע תפילות. דער־ביי אָפּט זיך דערמאָנט איר טאַטן, זאָל געזונט זיין. אָ, איר טאַטע, איר טאַ־

טע. כאָטש נישט איין מאָל האָט איר פאַרדראָסן אויף אים, עס זאָל איר נאָר נישט פאַררעכנט ווערן. זי ווייסט גוט אַז אַזאַ טאַטן האָט זעלטן ווער. זי האָט שטענדיק געדענקט, אַז געזאָלט האָט ער ביי זיי אין שטעטל איבערנעמען די רבנות נאָכן זיידן עליו השלום. האָט ער אָבער, נישט פאַר קיין ייִדן גערעדט, זיך אָפּגעקערט פון פרומען וועג. טאָג און נאַכט איז ער דאָך געזעסן איבער די דייטשישע ביכער.

חנה דערמאָנט זיך: זי איז נאָך אַ קינד געווען, האָט זי געהערט דעם טאַטן זאָגן צו דער מאַמען, נאָך עפּעס אַ טענה, וואָס זי האָט צו אים געהאַט:

„ערשטנס קען מען נישט מיט יעדער נאַרישקייט באַלעמוטשען גאָט און צווייטנס, איז אַפילו נישט שייך צו בעטן ביי אים נאָר פאַר זשיך און פאַר זשיך".

חנה האָט דאָס גוט פאַרגעדענקט. עס האָט נאָך קיין מאָל ביי איר נישט געטראָפן, זי זאָל בעטן פאַר זיך אַליין. מיט דאָס ערשטע אָבער איז זי נאָך ביז היינט נישט מסכים מיטן טאַטן. וואָס הייסט עס אַ נאַרישקייט? פּרנסה איז עפּעס אַ קלייניקייט? זי האָט געזען מיט אירע אייגענע אויגן, וואָס עס איז אַרויסגעקומען פון טאַטנס עקשנות. ער האָט טאַקע נישט געבעטן און גאָט האָט נישט געגעבן. אין שטוב איז מען זשעדנע געווען אַ שטיקל ברויט.

אַזוי איז חנה געזעסן אויפן קליינעם סונדוקל, וואָס זי האָט מיט זיך מיטגעבראַכט און געטראַכט פון איר היים, פון דעם וואָס עס טוט זיך אָפּ אויף דער וועלט, פון איר שמואלן, זאָל געזונט זיין, וואָס זי ווייסט נישט ווו ער איז. וועגן דעם, אַז דאָס ביסל ווייץ ענדיקט זיך, און די קינדערלעך מוז מען דאָך געבן עסן. אַ סך, גאָר אַ סך האָט חנה געהאַט צו טראַכטן.

געווען איז עס אין איינעם אַ שאַבייסצענאַכט. חנה האָט געזען, אַז עס ווערט שפּעט און אסתר איז נאָך נישטאָ. האָט זי אַרומגעוואַשן איטעלען און געגעבן איר עסן. מיטן באַוויזן זיך פון ערשטן שטערן, האָט זי גענומען דער קליינער אויף די הענט און שטיל געשעפּטשעט:

„גאָט פון אַברהם פון יצחק און יעקב. דו, וואָס דו זעסט אַלץ און פאַררעכנסט דאָס גוטס און דאָס שלעכטס. אין זכות פון דעם קליינעם אומשולדיקן מיידעלע, דערבאַרעם זיך אויף אונדז אַלעמען. ברענג אַ געזונטן איר טאַטן און דעם טאַטן פון מיינע אָרעמע שעפּעלעך, וואָס זענען נעבעך געבליבן ווי שאָף אָן אַ פּאַסטוך.

בעטנדיק האָט זי אָנגעהויבן כליפּען.

— טיאָטיע חנה, דו וויינסט ?

— ניין, טעכטערל — האָט חנה געקושט דאָס קינד ווי מען קושט אַ ספר, פּאָרזיכטיק און פרום — ביסט מיין מיידעלע, יאָ איטעלע? — האָט זי איר גענומען פאַררעדן.

— דיינע זענען דאָך שרהקע, פריידל און חימל.
— אָבער זיי זענען שוין גרויסע.
— און ווער איז מיין מאַמעס?
— דו ביסט דיין מאַמעס אויך.

אויף דעם איז שוין איטעלע מסכים געווען און אַ צופרידענע געטוליעט זיך צו חנהן.

יענעם שבת אָוונט איז אסתר שפּעטער ווי געוויינטלעך געגאַנגען פון „זאגאָט־זיערנאָ" צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר אַרבעטער, איז זי געבליבן צודעקן מיט ברעזענטן די קופּעס ווייץ. זונטיק וועט מען נישט אַרבעטן, האָט מען גע־וואָלט די תבואה פאַרזיכערן פאַר אַ רעגן. כאָטש דערווייל איז געווען שטיל. דער הימל ריין, אָן אַ וואָלקנדל.

פון וויטן, מיט דעם הינטערשטן וועג, האָט מען געזען שפּאַצירן דאנקען מיט איר מאַן. צייט ער איז געקומען, האָט דאַנקע אויפגעהערט אַרבעטן. זי איז געוואָרן זיין געצאָלטע פּלעגעריך. זי ווערט אויסגעהאַלטן פון סיעל־סאָ־וויעט. איר מאַן איז געקומען אַ צעמורשטער. די אויגן בלינד, זיי זענען אים אויסגערונען. אויך דער מוח איז ביי אים נישט אין אָרדענונג.

דאַנקע טראָגט איר צער אין זיך, רעדט פאַר קיינעם גאָר נישט. זי מיידט אָבער אויס מענטשן. דער אָוונט איז צוגעפאַלן, עס איז אויך אַריבער די היץ, זענען זיי ביידע אַרויס. שווייגנדיקע שפּאַצירן זיי פאַרביי די פעלדער. אין איין האַנט האַלט ער אַ שטעקן און טאַפּט דעם וועג. די צווייטע ליגט ביי דאַנ־קען אויפן אַקסל.

מיט אַ קורצער צייט צוריק, פאַר זיין קומען, איז אסתר געווען גאָר שטאַרק באַפריינדעט מיט איר. דאַנקע האָט פיל גערעדט וועגן איר קאַליען. געווען גאָר לעבעדיק און פול מיט דערוואַרטונג אויף זיין קומען. איצט האָבן זיי ביי־דע אויסגעמיטן זיך צו טרעפן, געשעמט זיך צו קוקן דעם גורל אין פּנים אַריין.

האָט אסתר באַצייטנס באַמערקט ווי זיי פאַרנעמען זיך צום וועג, איז זי אַריבערגעשפרונגען דעם פּלויט פון אַגאַפּיעס גאָרטן. דורך דער ראַזאָרע צווישן די בייטן געגאַנגען אַהיים.

אין שטוב האָט זי זיך אַרומגעקוקט.

— איטעלע שלאָפט שוין — האָט חנה געזאָגט — איך האָב איר געגעבן עסן און געלייגט שלאָפן. מיד געווען דאָס קינד. לויפט אַרום אַ גאַנצן טאָג. איר זענט היינט שפּעט געקומען.

— געמוזט צודעקן די תבואה.

חנה האָט געהאַלטן עפּעס אין שמועסן מיט אַגאַפּיען, וואָס איז געזעסן ביים טיש און האָט נאָך געגעסן וועטשערע. נעבן איר איז געשטאַנען אַ סקאָוו־

ראָדע מיט צוגעטריקנטע קאַרטאָפל. זי האָט עס צוגעביסן און פּאַרטרונקען מיט קיפּיאַטאָק. צום ווייפלטן מאָל האָט אַגאַפּיע ווידער איבערגעחזרט, אַז דאָס איז זייער געשמאַק, אַ סך געשמאַקער און זיסער ווי מיט אמתן צוקער.

שרהקע מיט פרײדקען זענען שוין געלעגן אויף זייער געלעגער און שטיל זיך געסודעט. מיט אסתרס אַריינקומען האָט חיימל זיך דערמאָנט, אַז עס איז אים פינצטער צו לייענען, האָט ער זיך אויפגעהויבן, פאַרמאַכט דאָס ביכל און אַרויס ברענגען זיין ברעט פאַרן געלעגער.

אין קיך, איבער דער פּאָמוניצע, האָט אסתר זיך געוואַשן און דורך דער אָפענער טיר, זענען צו איר דערגאַנגען אַגאַפּיעס רייד:

— טאַטיאַנע האָט געוויינט ווי אַ ביבער. איין זון. דאָס איז איר גאַנץ לעבן. גייט ער אַוועק און שוין.

— דער וואָס אין הימל, וועט נאָך באַשטראָפן אַלע די וואָס טוען שלעכטס. ער קען, אַז ער וויל. — האָט חנה האַלב געענטפערט אַגאַפּיען און האַלב גערעדט צו זיך אַליין.

אסתר איז אַריינגעקומען פון קיך און געבליבן זיצן אויף דער באַנק אַ שווערע, מיט מידע, אַראָפּגעלאָזטע הענט.

— עס ווערט פינצטער, אסתר, איר נעמט גאָר נישט צו עסן?

— כ׳בין נישט הונגעריק, זשויע אַ גאַנצן טאָג די קערנער פון קופּע.

— דער דאַרף בלייבט דאָך אין גאַנצן אָן מענער — האָט אַגאַפּיע פאַר־געזעצט איר שמועס — ווער איז נאָך געבליבן?

חנה האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ, אַ זיפץ געטאָן. נאָך אַ ווײלע שווייגן זיך אויפגעהויבן און גענומען צוגרייטן דאָס בעט.

קיינער האָט מער גאָר נישט געזאָגט. אַגאַפּיע האָט געענדיקט עסן, אויפ־געקליבן די קרישקעלעך פון טיש, מיט אַ מאָדנער פלינקייט זיי אַריינגעוואָרפן אין מויל. זי האָט זיך אויפגעהויבן, אַ נעם געטאָן פון טיש די סקאָווראָדע מיט דעם שטיקל ברויט, וואָס איז געבליבן און גייענדיק צו דער קיך אַ זאָג געטאָן גלאַט אַזוי צו קיינעם נישט...

— שוין... גייט שוין פעטיאַ אויך אַוועק אויפן פראָנט.

אסתר האָט אויפגעציטערט. אינסטינקטיוו האָט זי אַ קוק געטאָן צו חנהן. זי איז אָבער געשטאַנען מיט דער פּלייצע צו איר און זיך געגרייט דאָס געלע־גער. אין דער אמתן האָט חנה נישט געזען קיין שום שייכות צווישן אסתרן מיט פעטיען, כאָטש אַגאַפּיע פלעגט איר אונטערטראָגן פאַרשידענע מעשות.

ווייס איך וואָס, פלעגט חנה טראַכטן, לאַנגע צינגער רעדן.

— לייגט זיך שלאָפן, אסתר, איר זענט אַזוי מיד — האָט חנה זיך אָפּ־גערופן — אפשר דערלאַנג איך אייך עפּעס עסן?

— אָ, ניין, חנה, איך בין באמת נישט הונגעריק — זי האָט זיך דערלאַנגט אַ הייב אויף און אַרויס.

שנעל איז אסתר אַדורכגעלאָפן די קיך. זי האָט געזען אַגאַפּיען זיך פּאָרען ביים אָנצינדן דעם קורניק און זיך געשראָקן, זי זאָל נישט פאַרפירן מיט איר קיין שמועס.

חנהן האָט אַפילו אויסגעזען גאַנץ מאָדנע אסתרס פלוצעמדיקער אַרויס־לויפן, באַלד אָבער האָט זי עס זיך אַליין דערקלערט. זי איז נעבעך מיד. וויל גיכער גיין שלאָפן, האָט זי זיך אַרויסגעכאַפּט פאַרן שלאָף אויפן הויף. מען איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש.

אסתר איז אַוועק. זי האָט געוואָלט אים טרעפן. איז זי געגאַנגען דורך דער גאַס און געקוקט אין אַלע זייטן. עס איז געווען שטיל. בלויז נעבן פּאָפּאָוון איז זיין טאָכטער קאַטיע געזעסן מיט עמעצן. מסתּמא מיט וואַלאָדיען. פון איינצלנע כאַטקעס האָט נאָך שוואַך געלויכטן אין די שייבלעך.

ווי שטענדיק, אין שווערע מאָמענטן, האָט זי געוואָלט זיך אַליין טרייסטן. זי האָט געפּרוּווט טראַכטן וועגן די אַלע פריידן, וואָס דערוואַרטן איר, נאָך דעם ווי די מלחמה וועט זיך ענדיקן. זי וועט פאָרן אַהיים. אין דעם טאָג, ווען מנחם וועט קומען. ווי גרויס וועט זיין דאָס גליק; ער וועט דערזען איטעלען, שוין אַזאַ גרויסע. און געשעען קען עס גיך. אָט, אָט, אַפילו מאָרגן.

מיט די מחשבות האָט זי אָבער נישט געקענט פאַרטרייבן אַגאַפּיעס ידיעה, וואָס האָט געטאָטשעט ווי אַ וואָרעם. פול מיט פאָרוואורף צו זיך אַליין, האָט זי גענומען אין געדאַנק אַריין איר היים: וואָס טוט איצטער מיין טאַטע? מיין מאַ־מע? ווו זענען די ברידער, דאָס שוועסטערל? לעבן זיי כאָטש אַלע? עס מוז זיין שווידערלעך שווער זייער לעבן ביי די דייטשן! מען הערט פון זיי גאָר נישט. ווען איך וואָלט כאָטש איין וואָרט געהאַט פון זיי... עס איז אַזוי שווער, ציט זיך אַזוי לאַנג... ווי נעכטן אַזוי היינט, אַזוי מאָרגן, מאָרגן?...

עס איז געוואָרן פינצטער. שוין אין גאַנצן פינצטער. פון ערגעץ האָבן זיך דערטראָגן טריט. דאָס איז וואַסיל אַרויס אויפן הויף, פאַרריגלט דאָס טויערל און זיך אומגעקערט אין שטוב.

— קען עס זיין, אַז ער ווייסט נישט, וואָס איך לעב איצטער איבער? און אויפן פראָנט?... וועט כאָטש דער גורל אים אויסהיטן?... מיט וועמען טיילט ער איצטער זיין אומגליק פון פאַרלאָזן די היים און גיין צום פראָנט?

ער זיצט געוויס ערגעץ מיט מאַרוסיען. זי לויפט אים שטענדיק נאָך, איז פאַרליבט אין אים. יאָ, זי האָט אים ליב מענטשלעך, נאָרמאַל. איצט האָט ער עס באַנומען. ער זיצט מיט איר. קיינער ווייסט נישט ווו זיי זענען...

— איז וואָס טו איך דאָ איינע אַליין? — אסתר האָט זיך אָפּגעשטעלט — ווי לאַנג בין איך שוין אַזוי אַליין? — זי איז געשטאַנען אויפן מיטן גאַס און געוואָלט זיך דערמאָנען — ווען האָט זיך עס אָנגעהויבן? עס איז דאָך נישט שטענדיק געווען אַזוי... יאָ, דאָס איז געשען דאַן, ווען מען האָט צוגענומען מנחמען... שוין יאָרן... לאַנגע יאָרן... איך ווייס נישט פון אים גאָר נישט... ער ווערט ערגעץ געפּייניקט... און איך?... איז וואָס לויף איך אין מיטן דער נאַכט איבערן דאָרף?... פאַר וואָס מוז איך זיך געזעגענען מיט פּעטיען?...

די הינט, וואָס היטן דאַנילאָוועס גאָרטן, האָבן אָנגעהויבן בילן און רייסן זיך אויף דער קייט. אסתר האָט זיך פאַרנומען אין אַ דערבייִיקן געסל. דאָ האָט אויסגעזען נאָך פרעמדער און פינצטערער.

— ווען דו, פּעטיאַ, זאָלסט איצט אַרויסקומען, אָט אַזוי גייענדיק פון מאַ־רוסיען אַהיים. אומגעריכט וואָלט איך דיך דערזען. אַזוי צופעליק. ווי איך האָב דיך דעמאָלט באַגעגנט אין ראַיאָן... דיך פאַרדריסט אויף מיר? בין איך שול־דיק, פּעטיאַ טייערער, אין דיין היים האָט מען מיך געבראַכט שוין צוזאַמען מיטן צער. אַ לעבן לאַנג בין איך גרייט געווען מיט מנחמען צו טיילן זיינע צרות. און איצטער?... איצטער זע איך שוין... איך בין צו שוואַך... צו שוואַך אַפילו אויסצוטראָגן די טענה צו זיך אַליין און דעם סוד, וואָס קיינער ווייסט נישט און וועט שוין קיין מאָל נישט וויסן...

גאָר ווייט איז עמעץ געפאָרן אויפן וועג. אסתר האָט זיך אויסגעדרייט און געגאַנגען צו זיך אַהיים.

אין שטוב איז געווען פינצטער. אין קיך איז געשטאַנען דער רויך פון פאַרלאָשענעם קוירניק. שטיל האָט זי אַריינגעשלייכט און געלייגט זיך אין בעט, נעבן איטעלען.

קעגן אַלע פאַרדראָסן האָט זיך איר נאָך אַלץ געדאַכט, אַז באַלד וועט געשען עפּעס אויסערגעוויינטלעכס. זי וועט אים דערזען. זי האָט זיך צוגע־הערט. אָט, האָט זי זיך פּלוצלונג דערלאַנגט אַ זעץ אויף. האָט זי נישט גע־הערט קיין טריט נעבן פענצטער?...

זי האָט אַראָפּגעלאָזט די פיס אויף דער פאָדלאָגע.

— איר שלאָפט נישט, אסתר? — האָט חנה געפרעגט.

— איך שלאָף... יאָ, איך שלאָף שוין...

— שווער... עס איז זייער שווער צו שלאָפן... עס מאַטערן רעיונות. אוי, טאַטע, פאָטער, דערבאַרעם זיך — האָט חנה געשעפּטשעט.

— באַמיט זיך איינשלאָפן חנה, מען מוז דאָך...

אסתר האָט זיך איבערגעדעקט. זי האָט זיך גענורעט אין קישן, געביסן די ליפּן, נישט אַרויסצוברענגען קיין זיפץ.

# קאַפּיטל XV

— חימל! חימל! שטיי אויף, מיין קינד, וועסטו מיר אַריינברענגען אַן עמער וואַסער. הערסט חימל? שוין האַלבער טאָג.

חנהס קול האָט אויפגעוועקט אסתרן. אַ ליכטיקייט האָט איר אַ שלאָג געטאָן אין די אויגן. די שטוב איז שוין געווען פול מיט זון.

אסתרס ערשטער געדאַנק איז געווען, אַז זי האָט עפּעס פאַרלאָרן, צי פאַרגעסן. באַלד אָבער איז זי געקומען צו זיך און אַ טראַכט געטאָן, אַז זי איז דאָך איינגעשלאָפן. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז עס איז שוין געווען ליכטיק, ווען זי האָט באַשלאָסן, גיין צום גרוזאָוויק, וואָס פירט אָפּ די רעקרוטן. זונטיק גייען דאָך אַלע צום מאַרק, וועט זי אויך גיין. היינט אָבער מוז מען זיך אויסקלייבן אַ ביסל פריער. בעתן אַראָפּגיין פון בעט, האָט אסתר מיט אַ כיוון אַנגערירט איטעלען, זאָל זי אויפשטיין, די קליינע באַציייטנס, וועט זי מיטגיין.

חנה איז געווען אין קיך, געשיילט קאַרטאָפל. אַגאַפיע מיטן יום־טובדיקן טיכל אויפן קאָפּ, גרייט צום אַוועקגיין, האָט נאָך אַ כאַפּ געטאָן די קאָטשערע און געשאַרט אין אויוון.

— זעסט אַננאַ, כ'האָב צונויפגעקליבן אַלע שטיקלעך צוזאַמען, איז שוין ווידער פאַראַן אַ פּלאַם. זע, גיב אַכטונג מיין לאַפּשאַ זאָל נישט אויסלויפן — אַגאַפיע אַליין איז אויך געווען רויט און צעפלאַמט, זי האָט זיך זייער געאיילט — קום, סטעראַ, קום, מירן גיין זען. די רעקרוטן פאָרן היינט פרי אַוועק. פון נעכטן אָן שטייט שוין דער גרוזאָוויק נעבן סיעל־סאָוויעט.

— גלייך, אַגאַפיע, איך ברענג נאָר אַריין אַן עמער וואַסער.

— וואַרט איך אויף דיר — האָט אַגאַפיע געזאָגט — און זיך אַרויסגעשטעלט פאַר דער טיר.

נאָך אַגאַפיעס פאַרהאַלטן זיך, האָט אסתר גלייך דערקענט אַז זי היט איר אָפּ, וויל שוין פלוידערן. לויט איר איילן זיך, האָט זי אָבער פאַרשטאַנען, אַז מען קען פאַרשפּעטיקן, אויב מען זאָל נישט גלייך גיין.

שנעל האָט זי געגעבן איטעלען אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער און אַרויס־געלאָפן ברענגען וואַסער.

— איך גיי, אָט גיי איך, אַגאַפּיע — האָט אסתר געזאָגט און אַוועקגע־שטעלט דעם עמער אין קיך. — וואַרט אַ רגע איך נעם נאָר מיט איטעלען.

— אסתר! — האָט חנה געדופן פון נעבן אויוון — וואַרט אויף מיר, איך גיי אויך!

אַ ווײַלע האָט זיך אסתר פאַרלוירן. באַלד אָבער זיך אָפּגערופן: — גיי, אַגאַפּיע, אויב דו אײַלסט זיך. איך מוז נאָך צוװאַרטן אויף אַננען, איך קום גלײַך אויפן מאַרק.

— און איר, אסתר? איר שטעלט גאָר נישט צו עפּעס קאָכן?

— ניין חנה, איך האָב נאָך פון נעכטן... עס וועט מיר קלעקן... איר האָט נאָך אַ סך צו טאָן? — האָט זי געפרעגט אומגעדולדיק.

— איר אײַלט זיך?

— יאָ, איך וויל קומען אויפן מאַרק אײדער די רעקרוטן פאָרן אָפּ.

— יאָ, איר זענט גערעכט. איך גיי אויך. אַ ביטערער צער אויף די בחו־רים. אָט, אַן אומגליק אויף דער וועלט. טאַטיאַנע האָט נעכטן נעבעך אַזוי בי־טער געוויינט.

חנה האָט זיך צוגעאײַלט, פאַרשטעלט דעם אויוון מיטן זאַסלינקע, געביטן דאָס טיכל אויפן קאָפּ, גענומען איר גרעסערע טוך אויף די אַקסלען און אַרויס. איטעלע, גליקלעך פון פרימאָרגנדיקן שפּאַציר צוזאַמען מיט דער מאַמען און מיט דער טיאָטקיע חנה, איז געלאָפן פאָרויס ווי אַ יונג לאָשעקל. באַלד האָט זי זיך אומגעקערט און גענומען דער מאַמען בײַ אַ האַנט.

— אַ ווײַלע, אסתר, גאָר פאַרגעסן, וואַרט נאָר איין רגעלע — האָט חנה געזאָגט און גענומען לויפן צוריק צו דער שטוב — איך האָב גאָר פאַרגעסן אָנזאָגן די קינדער...

אסתר האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. זי האָט אַליין נישט געפילט ווי זי האָט געיאָגט פאָרויס.

— אסתר, לויפט נישט, וואַרט אַ ווײַלע, אָט גיי איך אויך — האָט חנה געדופן, איז צוגעקומען, גענומען איטעלען בײַ דעם צווייטן הענטל און צו־זאַמען זענען זיי אַוועק.

די גאַסן זענען געווען ליכטיק, צעהעלט. אין בונטע קליידלעך און שיין געוואַשענע טיכלעך אויף די קעפּ, זענען ווײַבער געגאַנגען צום מאַרק. ווער עס האָט געטראָגן אַ טעפּל איבערגעקאָכטע פּוטער און ווער אַ צענדליק אייער פאַרבונדן אין אַ קאָפּ־טיכל. אַלטע קאַזאַכן, מיט גרוי־שיטערע בערדלעך, אַרומ־געריגגלטע מיט ווײַבער און קינדער, זענען געפאָרן צום מאַרק. די קאַזאַכקעס,

אָנגעטאָן אין פּליושענע, פּאַרשידנפאַרביקע בעקעשן אויף זיי אָנגעטשעפּעטע מטבעות און קמעות. אויף די קעפּ שיין געשטריקטע שאַלן פון קעמל־וואָל. די מיידלעך — גלאַט־פּאַרקעמטע, מיט שטייף געפלאָכטענע צעפּ. זיי זענען גע־קומען פון די באַענטע אַאולן. געזעסן געדיכט איינער אויפן אַנדערן, מיט אַ טומל געפּאָרן איבערן זונטיקדיקן דאָרף, געשריִען אויף זייער קאַזאַכיש לשון צו פאַרבייגייער, געלאַכט צווישן זיך מיט הנאה, וואָס קיינער פאַרשטייט זיי נישט. געקוויקט זיך ממש וואָס זיי קענען דעם גאַנצן פרעמדן דאָרף, זאָגן וואָס עס פאַלט זיי נאָר איין. יעדעס פורל האָט זיך אָפּגעשטעלט, ביי אַ באַקאַנטן קאָלכאָזניק. דער קאַזאַך האָט זיך שטיל אין אַ ווינקל געסודעט מיטן באַלע־באָס. דערווייל האָבן די ווייבער און קינדער זיך אַ שאָט געטאָן פון די ווע־גענער אין הויכע, ווייכע שטיוועלעך אויף זייערע אָפּגעזעסענע, קרומע פיס. זיי האָבן געגלאָנצט מיט די חנעוודיקע אייגעלעך אויף אַלע זייטן, ווי זיי וואָלטן געשטאַנען פאַר אַ וווּנדער.

פון מאַרק האָט זיך געטראָגן אַ הירזשעריי פון פערד אויסגעמישט מיט מענטשלעכן געפילדער.

אסתר מיט חנהן זענען געגאַנגען שנעל, האַלטנדיק איטעלען ביי די הענט־לעך. פון צייט צו צייט האָט זיך די קליינע איינגעבויגן, אויפגעהויבן אַ שטיינ־דעלע און עס באַהאַלטן אין קעשענע. ווען זיי זענען צוגעקומען נענטער, האָבן זיי דערזען, אַז דער גאַנצער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן איבערן ראָוו, צום „סיעל־סאָוויעט“.

דער מאַרק איז געבליבן אויסגעליידיקט. גיך זענען זיי אַריבער דעם וועג, פאַרבייגעגאַנגען דער לאָמער אַניוטען, וואָס האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, געבליבן זיצן נעבן אירע פינף שיינע עפּל, וואָס זי האָט געהאַט צו פאַרקויפן. דאָס האָט איר טאָכטער זיי געבראַכט פון אַלמאַ־אַטאַ. נעבן איר, אויף אַ וואָגן איז געזעסן אַן אַלטע קאַזאַכקע, זי האָט קאָנטיק געהאַלטן אין פאַרקויפן „קו־מיס“, ווען דער עולם האָט אין מיטן דערינען, ווי משוגע זיך אַ לאָז געטאָן צום „סיעל־סאָוויעט“. איז זי געבליבן מיטן פולן קענדל אין האַנט, אַן אומצו־פרידענע האָט זי געוואָרטשעט.

זיי זענען אַריבערגעשפּרונגען דעם ראָוו, דורכגעגאַנגען דעם מאַרק און געבליבן שטיין נעבן צוזאַמענגעדריקטן עולם, וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם גרוזאָוויק.

ביים סאַמע עק פון גרוזאָוויק, אינעווייניק אויף אַ באַנק, איז געזעסן וואַ־סיל. זיין טעכטערל האָט ער געהאַלטן אויפן שויס. זאָיקע איז געשטאַנען אונטן און געגלעט דעם קינדס הענטל. זי האָט זיך געווישט די טרערן.

אויך פעטיאַ האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן ביים אַריינגאַנג אויפן גרוזאָוויק.

ער איז אַראָפּגעשפּרונגען, זיך דורכגעריסן צווישן עולם און אַנטקעגנגעלאָפן אסתרן. די קולות זענען געוואָרן אַלץ העכער, איבערגעשריִען איינער דעם צווייטן און זיך צוזאַמענגעגאָסן.

— סטעראָטשקאַ! — האָט פּעטיאַ אויסגעשריִען — סטעראָטשקאַ! — עס האָט פון אים אַ שלאָג געטאָן דער געריך פון סאַמאַגאָן. ער האָט זי אַ כאַפּ געטאָן ביי דער האַנט. זיינע אויגן זענען געווען וואַסערדיק, פאַרגאָסן און מאָדנע האָט ער געשמייכלט, גאָר אַנדערש ווי שטענדיק.

— מיר גייען, גאָלדענע, מיר גייען צום פראָנט.

פון אויטאָ האָט זיך דערהערט אַ סיגנאַל. וואַסיל האָט איבערגעלייגט אויף דער מאַמעס הענט דאָס קינד. די קליינע האָט זיך הויך צעוויינט. דער סיגנאַל האָט זיך איבערגעחזרט. די געשרייען אַרום זענען געוואָרן שטאַרקער און אי־בער אַלעמען האָט מען געהערט רופן:

— פּעטיאַ! פּעטיאַ!

ער האָט נישט אָפּגעלאָזט אסתרס האַנט, געהאַלטן זי פעסט און געשטופּט זיך צווישן עולם צום גרוזאָוויק.

— פּעטיאַ, מען וואַרט אויף דיר!

— פּראַשטשיי, פּעטיאַ, פּראַשטשיי! — עמעץ האָט היסטעריש געוויינט.

— קום, סטעראַ גאָלדענע — האָט ער אַ שיכורער געצויגן זי פאָרויס — מיר גייען אין אַרמיי. מיר מוזן פאַרטרייבן דעם דייטש, דעם פּאַראַזיט, אין זיין מאַמיס מאַמען אַריין! מען מוז, גאָלדענע! איך וועל קומען סטעראָטשקאַ, ווען די טשעפּוכאַ וועט זיך ענדיקן... וועסט זען האַרציקע... מיר וועלן...

ווי אַ שיפל, וואָס שניידט דאָס וואַסער, האָט פּעטיאַ זיך פאָרויסגערוקט צווישן געדיכטן עולם און געצויגן אסתרן נאָך זיך. הינטער זיי האָט זיך די מאַסע צונויפגעגאָסן.

אסתר האָט אַ צעטומלטע געקוקט אַרום זיך. זי האָט געזען אַלעמען וויי־נען און שרייען. זי אַליין האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגעבראַכט פון מויל און געווען איז זי ווייס ווי קאַלך.

נעבן איר אויער האָט עמעץ געשריִען:

— קאָליאַ! געדענק קאָליאַ, וואָס איך האָב דיר אָנגעזאָגט!

ווי נישט פון דאָ האָט זי געהערט דאָס געזאַנג: „סמיעלאַ מי ווּבוי פּאַי־דיאָם“. אין דער לופטן האָבן געפלאַטערט טיכעלעך, היטלען און איבער אַלע־מען האָט דין גאָר דין געשניטן אַ קינדעריש קול: „פּאַפּאַ! פּאַפּאַטשקאַ!“

די אויפגעדריקטע מאַסע האָט זיך אַ וויג געטאָן און אסתר האָט דערזען דעם גרוזאָוויק אָפּגערוקט. ער האָט געריִרט פון אָרט. איבערן וועג, האַרט נעבן „סיעל־סאָוויעט“ איז געשטאַנען מאַרוסיע און הויך געוויינט. זי איז אַ

פאַרצווייפלטע צוגעפאַלן צו דער וואַנט. אירע חברטעס נעבן איר האָבן זי געגלעט, באַרויקט. אסתר האָט עס דערזען. איר איז אויפגעקומען אַן אייפער־זוכט צו מאַרוסיען. צו דעם וואָס זי וויינט, וואָס מען טרייסט זי. די פאַר־זאַמלטע האָבן זיך פאַרנומען צוריק. אַרום איר איז געוואָרן שיטערער. ערשט איצט האָט אסתר דייטלעך דערהערט איטעלעס קול פאַרגיין זיך אין געוויין:

— מאַמעלע! מאַמעלע! פאָר נישט אַוועק, מאַמעלע טייערע!

זי איז געלאָפן צום קינד. אויף דעם זעלבן אָרט ווו זי האָט זיי איבערגע־לאָזט, איז חנה געשטאַנען ווי צוגעוואַקסן צו דער ערד. זי האָט געהאַלטן אי־טעלען ביים הענטל. דערזען אסתרן, האָט זי נישט געקענט איר קוקן אין די אויגן אַריין. אירע ליפּן האָבן געציטערט און אירע שוואַרצלעך זענען געלאָפן הין און צוריק, ווי שטענדיק בעת אַ טיפע איבערלעבונג. גלייך ווי איטעלע האָט דערזען דער מאַמען האָט זי זיך באַרויקט. גרויסע טרערן האָבן נאָך פול געמאַכט אירע אייגעלעך און זי האָט שוין געשמייכלט צופרידן.

— נאָט אייך אסתר, נעמט אייער קינד — האָט חנה איבערגעלייגט אי־טעלעס הענטל אין אסתרס. פון איר בליק האָט געשפּריצט מיט כעס און פאַר־דרוס — אַז מען האָט אַ קינד, דאַרף מען עס היטן, נישט לאָזן עס וויינען און לויפן מיט... — זי האָט אָפּגעהאַקט, נישט געוואָלט אַרויסברענגען פון מויל קיין זינדיקע רייד — און איך האָב געמיינט איר טוט אַ גוטע זאַך... אַ מצווה... — האָט זי גערעדט ווי צו זיך אַליין.

אסתר איז געשטאַנען שטום, דאָס לשון האָט איר אָפּגענומען. זי האָט געזען ווי חנה האָט זיך אָפּגעקערט פון איר און פאַרנומען זיך אין דער ריכ־טונג צום מאַרק. אַ נישט געשטילטע אין איר צאָרן האָט זי זיך נאָך אַ קער געטאָן אויף צוריק, זיך אָפּגעשטעלט און צוגעוואָרפן מיט רוגזה:

— היט דאָס קינד, אסתר! נישט איך דאַרף עס טאָן! עס איז אייערס און אייער מאַנס! ער איז נעבעך אויף צרות!... אַז אָך און ווי איז צו אים!...

זי איז אַוועק.

— איך ווייך שוין נישט טיאָטיע חנה! איך וויין שוין נישט — האָט איטעלע איר נאָכגעשריען און אַרומגענומען אסתרס פיס פול מיט מיטלייד צו דער מאַ־מען, וואָס חנה שרייט אויף איר. אָן אַ וואָרט האָט אסתר גענומען איטעלען אויף די הענט.

— נאַ דיר מאַמעלע, נאַ דיר אַ גאַנצן הויפן גלאַטע שטיינדלעך. איך האָב זיי געפונען אויפן וועג. זיי זענען אַלע קיילעכדיקע. וואַרט דאָ — האָט זיך דאָס קינד אַ ריס געטאָן פון די הענט און גענומען לויפן — וואַרט מאַמעלע, איך גיי אָנקלייבן נאָך! פאַראַן פול אין ראָוו!

— וואָס טוסטו דאָ סטעראַ? — דאָס האָט אַגאַפּיע זיך אָפּגעשטעלט נעבן אסתרן. פון הינטערן „סיעל־סאָוויעט“ איז זי געקומען.

אסתר האָט אויפגעציטערט — איך שטיי... איך... יאָ, איך וואַרט, אײַ־טעלע קלייבט שטיינדלעך.

— ווו ביסטו געווען?

— דאָ בין איך געווען.

— דאָ האָב איך דיך געזען. איך האָב אַפילו אָנגעוויזן פּעטיאַן, אַז דו גייסט. ער איז געווען שיכור, ער גאַנצן נישט געוווּסט וואָס עס טוט זיך מיט אים. אָבער נעכטן? ווו ביסטו געווען נעכטן?

אסתר האָט געקוקט און נישט געוווּסט, וואָס אַגאַפּיע וויל פון איר.

— וואָס קוקסטו ווי אַ מאַלנאַ? דערקענסט מיך נישט? נעכטן ביי נאַכט, פרעג איך, ווו ביסטו נעכטן געווען? מיר האָבן אויף דיר געוואַרט.

— ווער?

— איך און פּעטיאַ. נאָכן אָפּעסן וויעטשערע, האָב איך אָנגעצונדן דעם קורניק. איך זע דו גייסט אַרויס, געווען זיכער, אַז דו קומסט גלייך אַריין צוריק. איך נעם אַריינלייגן די קיזיאַקעס אין אויוון, איך הער עמעץ איז אַריין. בין איך געווען זיכער דאָס ביסטו.

— אַ גוטן אָונט דיר טיאָטקע אַגאַפּיע סטעפּאַנאָוונע — הער איך. כ׳טו אַ קוק פּעטיאַ. „זיי נישט בייז — זאָגט ער — איך בין געקומען דיך געזעגענען, און שמייכלט אַזוי אַ ביסל פאַרשעמט. זיץ, זאָג איך אים, זיץ פּעטיאַ. זעצט ער זיך אַוועק און קוקט צום צווייטן צימער. קוקט און שווייגט. שווייגט און קוקט. זי איז נישטאָ — זאָג איך — זי איז אַרויסגעגאַנגען. איך ווייס, איך האָב אַליין נישט פאַרשטאַנען. ביז טיף אין דער נאַכט האָבן מיר געוואַרט אויף דיר. עטלעכע מאָל בין איך אַרויס אין דרויסן אַ קוק טאָן. ביי קורילקען איז געווען פינצטער. מען האָט קיין לעבעדיקן נפש נישט געזען. איך קען גאָר נישט באַ־גרייפן ווו דו ביסט אַהינגעקומען. מיר איז אים אַזאַ שאָד געווען. קום, סטעראַ, וואָס איז דאָ צו שטיין? זעסט, עס קלייבט זיך ווידער אויף אַ מאַרק...

זי האָט זיך פאַרנומען אין דער ריכטונג צום פּלאַץ — אַוועקגעפאָרן, איז אַוועקגעפאָרן... פאַרפאַלן, טייבעלע מיינס... פאַרפאַלן... אוי האָספּאָדי... האָס־פּאָדי... — האָט אַגאַפּיע געקרעכצט, שוין גלאַט אַזוי גערעדט צו קיינעם נישט.

אסתר איז נאָך אַלץ געשטאַנען, פאַרקוקט אין דער ריכטונג, ווו ער איז אַוועקגעפאָרן. דעם גרוזאָוויק האָט מען שוין לאַנג נישט געזען. אויפן וועג זע־נען נאָר געבליבן די טיפע אָפּדרוקן פון די רעדער און מער גאָר נישט. וויית, וויית, אַזש ביזן האָריזאָנט איז געווען ליידיק... נישט צו ענדערן ליידיק...

# קאַפּיטל XVI

אַ וואַרעמע און ווייכע האָט די ערד זיך אַרויסגערוקט פון אונטערן שניי. נאָכן פאַראַיאָריקן שניט זענען די פעלדער געבליבן ליגן באַזעצט מיט גלייך אָפּגעשניטענעם שטרוי, ווי ריזיקע באַרשטן.

די טראַקטאָרס וועלן באַלד ווידער צוגרייטן די פעלדער צום נייעם פאַר־זיי, דערוויל האָבן זיך אין די פלאַכע ראזאָרעס, געוואַלגערט קופּקעלעך זאַנגען, וואָס זענען אַרויסגעפאַלן בעתן בינדן די סנאָפּעס.

דער סטעפּ איז נאָך געווען נאַס, ווען די באַבעס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט זוכן די גרינע, ווילדע ציבעלעס. פון ווייטן, איבער די תבואה־פעלדער, האָט זיך דערהויבן אַ פּאַרע, ווי אַ רויך וואָלט געשלאָגן פון דער טיר.

דער הונגער האָט אַרויסגעיאָגט פון די שטיבער. האָבן זיי אַרומגעקרייזט די מיט שטרוי באַזעצטע שטחים, געבראָדזשעט אין בלאָטע צווישן יונגן גראָז, דורכגעטאָפּטשעט ערטער, ווו עס איז נאָך געלעגן ווייכער שניי.

אויף יענע נאַסע וועגן האָבן זיי זיך דערטראַכט, אַז עס וועט זיין אַ סך בעסער צו קלייבן די איבערגעבליבענע זאַנגען אין די ראזאָרעס און פּאַרקערעוועט צו די תבואה־פעלדער.

גרויסע גרופּעס, פלעגן זיי דאָרט אַרומקריכן געבויגענע, מען זאָל זיי פון ווייטן נישט דערזען. שוין שפּעט אין אָוונט קומען אַהיים, דורך די הינטערוועגן און גערטנער.

אויך אַגאַפּיע איז שוין עטלעכע מאָל געגאַנגען. געקומען אַהיים איז זי מיט רויטע אויגן פון ווינט און צעבלוטיקטע פיס פון די שטעכיקע שטרויען אויף די פעלדער. כאָטש עס איז שוין געווען שפּעט, פלעגט זי גלייך נעמען דערפירן די אַרבעט צו אַ טאָלק. געווען אַ סך צו טאָן דערביי. פריִער האָט מען געמוזט מיט אַ שטעקן אויסקלאַפּן די קערנער פון די זאַנגען, אָפּזיפּן זיי פון די לוסקעס. די קערנער פלעגט אַגאַפּיע וואַשן אין אַ מולטער. בסוד אַז קיינער זאָל נישט וויסן, אָוועקלייגן זיי אויף דעם דאַך פון שטעלכל אויסצוטריקענען. נאָכן צעמאָלן דעם ווייץ אויף דער זשאַרנע איז דאָס מעל געווען גוט אויף

פּרעסנעם, נישט געזייערטן טייג. קיין ברויט פון דעם האָט מען נישט גע־קענט באַקן.

יעדעס מאָל, ווען אַגאַפּיע איז געקומען אַהיים, האָט זי געשפּיט, געשאָלטן און זיך אַליין געגעבן דאָס וואָרט, אַז מער גייט זי נישט. דאָס לעצטע מאָל איז עס געווען.

— ווער האָט כּוחות צו אַזוי פיל שרעק. — האָט זי געשריִען — דער סוף וועט זיין, איר וועט זען, איך וועל נאָך אַוועקפּטרן דעם איינציקן זאַק. איך וועל בלייבן אָן אַ זאַק אין שטוב.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז וועגן דעם וואָס די ווייבער קלייבן גאַנצע טעג די זאַנגען, איז דערגאַנגען צו נאַטשאַלסטווע. יאָגן טאַקע די בריגאַדירן אַרום אויף די בריטשקעס איבערן סטעפּ. קוים כאַפּן זיי, נעמען זיי צו דאָס אָנגעקליבענע און קערן אַפילו נישט אום דעם זאַק. מען שמועסט, אַז מען וועט אַפילו משפּטן דערפאַר. עס איז גאָר נישט אַזאַ קלייניקייט, ווי מען מיינט. אַלע מוזן גיין אין די בריגאַדעס אַרבעטן. דער זומער איז קורץ. ווייניק אַר־בעטס־העגט פאַראַן. יונג און אַלט זענען אויף די פראָנטן.

ווען אַגאַפּיע איז אין שרעק און מיט מזל שוין געקומען אַהיים, האָט זי נאָכגעגעבן. זי איז מסכּים געווען מיט זיי, אָבער צומאָרגנס, ווען די שכנטעס זענען געווען גאַנץ ווייט, הינטער די גערטנער, פלעגט זי אַ כאַפּ טאָן דעם זאַק און זיי נאָכיאָגן.

זי האָט טאַקע אָנגעקליבן אפשר צוויי פּוד — אַ גאַנצער אוצר.

דער פרילינג האָט זיך געשטעלט אַ הייסער. צו די פּלויטן פון די גערט־נער, ביי די ווענטלעך פון ברונעם האָט זיך נאָך געטוליעט דאָס לעצטע ביסל פאַרשוואַרצטע שניי. די גריבער זענען פול געוואָרן און די ראַוון האָבן גע־שטראָמט מיט וואַסער, וואָס איז געקומען פון סטעפּ. דער קוביש איז אַרויס פון די ברעגעס און זיך צעגאָסן איבערן דאָרף, אַזש ביז אַגאַפּיעס כאַטע. בוריק האָט זיך פאַרקליבן אויפן דאַך פון שטעלכל, וווּ עס איז געלעגן דאָס קעלבל, געוואַרעמט זיך אויף דער זון.

קיריאַקאָוו, וואָס האָט געוווינט ביים ברעג פון דער אָזיערע, איז געשטאַ־נען אין וואַסער און געמייסטרעוועט פון ברעטלעך אַ בריקל צו דער שטוב. דאָס פאָרהויז ביי אים איז שוין געווען אין גאַנצן פאַרגאָסן. זיין טעקלען איז נמאס געוואָרן צו אויסשעפּן דאָס וואַסער מיטן עמער און גיסן אין דרויסן. האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק און אירע פיס האָבן זיך געווייקט אַזש איבער די קני.

מיט בליקן פול שרעק האָט זי געקוקט צום מאַן, וואָס איז געבליבן שטיין אַנטקעגן אַ רעדל מענטשן. זיי זענען געקומען מיט אים זיך אָן עצה האַלטן.

מיט פּחד האָבן זיי געקוקט צום וואַסער, וואָס האָט געשטראָמט מיט אַ ריזי־קער קראַפט און מיטגעשלעפּט קלעצער, אָפּגעריסענע פּלויטן און אַלץ, וואָס עס איז געלעגן אויפן וועג. די מוטנע כוואַליעס האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק.

ביי דער געלעגנהייט האָט אַגאַפיע ווידער אַ מאָל דערציילט, וועגן דער לעצטער פאַרפלייצונג. ווי פון קורילקעס שטוב זענען געבליבן בלויז צוויי ווענטלעך.

— אַלץ איז דאַן אַוועק מיטן וואַסער — האָט זי גערעדט מיט התפעלות — דאָס שטעלכל, די קאַלב האָט זיך דערטרונקען. איוי, איוי אַזש איבער מיין גאָרטן איז דאָס וואַסער דערגאַנגען. עטלעכע טעג האָט מען געקענט צו מיר צוקומען בלויז מיט לאָדקעס.

פון יענעם פרילינג האָט אַגאַפיע אַ סך געהאַט צו דערציילן. די שכנים האָבן עס אָבער געהערט נישט גערן. אַלע האָבן עס שוין געוווּסט. די פאַר־זאַמלטע האָבן געקוקט אויף קיריאַקאָוון און זיך געטרייסט מיט זיין רויִקייט. יעדער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז קוים וועט זיין שלעכט, איז קיריאַקאָוו דער ערשטער אויפן וואַסער. ער איז געשטאַנען רויִק, געמאָסטן מיט אַ שטעקן די טיף און אַלעמען פאַרזיכערט:

— דאָס וואַסער הייבט זיך נישט. איר וועט זען, אַז באַלד וועט עס אָנהייבן פאַלן. איר קענט אייך גיין רויִק. ס'וועט שוין היי־יאָר זיין אַ גוט גערעטעניש.

דעם פרילינג האָט אַגאַפיע געקראָגן צוגעטיילט אַ קליין שטיקל ערד ביי דער אָזיערע צו פאַרזעצן קרויט. אויך דעם גאָרטן האָט זי זיך פאַרמאָסטן גוט אויסצונוצן. זי וועט ברענגען אַ ביסל שוואַרצערד אויפן סמיעטניק און דאָרט פאַרזעצן פּאָמידאָרן.

זייער אַ שווערער ווינטער אַדורך. נאַדזשקע האָט אַ הונגעריקע געאַרבעט אין בריגאַדע. מען וועט מוזן קריגן פאַרן מיידל אַ קלייד, אַ פּאָר שיך. די לענינגראַדער טראָגן אַרום פיל זאַכן אויפן מאַרק. פאַר עסנוואַרג קען מען איצט אַלץ קריגן.

— מען וועט דאַרפן זען עפּעס אויפטאָן — האָט זי באַשלאָסן.

בעתן באַגיסן דאָס קרויט האָט אַגאַפיע געהערט, אַז מען וועט אין גיכן געבן בראָנפן אין „סיעל־פּאָ". אַלע ווייסן, אַז קיין גוטער סימן איז עס נישט. שוין מסתמא ווידער אַ מאָביליזאַציע. מען וועט מוזן זיין אויף דער וואַך, טראַכט אַגאַפיע, זי דאַרף דערהיטן צו קריגן אַ פלעשל.

אַגאַפיע בייגט זיך אונטער דער לאַסט פון זאָרגן. זי איז שטענדיק פאַר־דאגהט, כאַפּט אָפּט אַ רעד מיט זיך אַליין.

— עס איז שווער.. דאָס לעבן דורכלעבן איז דיר נישט אַ פעלד דורכ־צופאָרן... — טוט זי שטיל אַ זאָג.

שוין באַלד נישטאָ וועמען צו מאָביליזירן, טראַכט זי. די מענער פון פראָנט שרייבן אויך זעלטן. און קומט אָן אַ בריוול דערוויסט מען זיך אויך נישט קיין גוטס. אָט איז אַנומלט אָנגעקומען אַ בריוו פון באַיאָון. האָט ער געשריבן, אַז נעבן אים איז געפאַלן באָדראָוו. ער האָט אַליין געזען מיט זיינע אייגענע אויגן. עס לאָזט זיך גלייבן... באָדראָווע גייט אַרום שוואַרץ ווי די ערד. וואָס וועט זי איצטער טאָן? געבליבן מיט זעקס קינדער. מען שמועסט, אַז דער עלטערער מישקע איז שוין אויך געראַניעט, קלייבט זיך קומען אַהיים. שווער זיך פאָרצושטעלן, נאָך אַ קינד. ווי לאַנג, אַז ער איז אַרומגעגאַנגען נאָך מיט אַ נאַס נעזל און שוין אַ סאָלדאַט... אך, אַ מאַטערניש, דאָס בידנע לעבן...

אין איינעם אַ פאַרנאַכט האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן אַגאַפיעס חתונה געהאַטע טאָכטער, זינקע. זי איז אין לעצטן מאָנאַט פון שוואַנגערשאַפט. וויזט זיך טאַקע זעלטן ביי דער מאַמען. נישט געטראָפן קיינעם אין שטוב, האָט זי גלייך געזוכט אַגאַפיען אין גאָרטן.

דערזען זינקען מיטן שווערן בויך, האָט זיך אַגאַפיע געוווּנדערט:

— וואָס האָסטו זיך געשלעפּט אַזש אַהער? אַזאַ ווייטעניש.

— איך בין דיר געקומען זאָגן, אַז מאָרגן גיט מען בראָנפן אין „סיעל־פּאָ“.

— טאַקע, פון וואַנען ווייסטו? — האָט זי זיך אַ הייב געטאָן פון בייט און ביי־גערין אָנגעקוקט זינקען. — וואָס איז געשען? האָסט געוויינט?

— גרישקע גייט אַוועק אויפן פראָנט. אָנגעקומען אַ פּאָוויעסטקע. זונטיק גייען אַ סך אַוועק פון דאָרף.

אַגאַפיע האָט זיך אויפגעהויבן און מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט געלאָזט זיך צו דער שטוב. זינקע איז אַ שווייגנדיקע איר נאָכגעגאַנגען און געהערט דער מאַמען רעדן צו זיך:

— אַ סך... ווער איז נאָך געבליבן?...

פון שבת פרי אָן זענען משפחות אין די זונטיקדיקע קליידער געגאַנגען איבער די גאַסן. עס האָבן מאָביליזירטע געוואָלט זיך געזעגענען, אויסטרינקען אַ לעצט גלעזל. פון אַלע זייטן דאָרף האָט זיך געטראָגן אַ טרויעריק, צעצויגן געזאַנג. דער עולם האָט שיכורלעך געטאַנצט, געפאַלן זיך אויף די העלדזער אין געוויין און ווידער געזונגען.

וואַלאָדיע, וואָס איז שוין לאַנג געקומען פון פראָנט מיט איין פוס, איז געשטאַנען פון ווייטן, אַ ביסל פאַררוקט אין הויף. אָנגעשפּאַרט אין ביידע קוליעס, האָט ער זיך נישט גערירט פון אָרט, נאָר געקוקט אין דער פאַרקערטער ריכטונג, געריכערט, געשפּיגן און געבורטשעט פאַר זיך.

ביז זונטיק פאַרנאַכט האָט זיך אויף די גאַסן געמישט דאָס געזאַנג מיט געוויין. דערנאָך איז געוואָרן שטיל ווי אויף אַ בית־עולם.

קיריאַקאָוו איז געווען גערעכט. דאָס יאָר איז טאַקע געווען אַ גוט גערע־טעניש. דאָס ברויט אָבער איז נאָך אַלץ געגאַנגען פאַר דער אַרמיי, צום פראָנט. פון דאָרטן פלעגט זעלטן ווער צוריקקומען.

אין איינעם אַ טאָג איז געקומען דער קליינער באַדראָוו. מען האָט ריכטיק גערעדט אין דאָרף. ער האָט געהונקען אויף אַ פוס, געווען געראַניעט.

דער קליינער, מישקע באַדראָוו, איז שטענדיק געזעסן אין שטוב. זעלטן ווער עס האָט אים געזען. זיין מאַמע אַליין האָט שטילערהייט פאַרטרויט אַגאַפּ־יען, וואָס ער האָט דערציילט.

— מיר ווערן סאָיוזניקעס מיט אַמעריקע — האָט באַדראָווע איינגערוימט אַגאַפּיען אין אויער — זיי וועלן קומען אַהער, די אַמעריקאַנצעס, און עס וועט זיך אָנהייבן אין גאַנצן אַן אַנדער לעבן...

— גיי וואַרט אויף יום־טוב, פּיעטראָ, וועסטו עסן קעז — האָט אַגאַפּיע אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אַוועק אויפן גאָרטן.

דערווייל איז אַגאַפּיען געוואָרן אַלץ שווערער. זי האָט אויך געמוזט גע־דענקען איר צווייטע טאָכטער, די חתונה געהאַטע. געבליבן מיט דריי פּיצלעך קינדער. דער איידעם איז אויפן פראָנט.

איצטער, אויף דער עלטער, קומט איר אויס צו אַרבעטן אַ סך. אירע גאַנ־צע האָפענונגען זענען פאַרבונדן מיטן גאָרטן. ער וועט דאָס יאָר געבן אַ סך קאַרטאָפל. אויך די פּאָמידאָרן זענען זייער געראָטן. מען וועט זיי באַצייטנס מוזן אַראָפּנעמען גרינע, אויב נישט וועט מען זיי צוגנבענען. נשקשה, זיי וועלן רויט ווערן אין היי.

לעצטנס איז איר צוגעקומען אַ נייע צרה. ביי נאַכט, ווען זי קומט פון בריגאַדע, טרעפט זי אונטערגעגראָבן די קאַרטאָפל. זי איז זיכער אין דעם, דערקענט די קוסטעס וועלקן.

— וואָס איז דער ווונדער — טראַכט אַגאַפּיע — מען האָט אָנגעשלעפּט אַהער פול טשעטשענצעס, איראַנצעס... געבראַכט זיי פון ערגעץ, פון עק וועלט. הונגעריקע קריכן זיי אַרום איבערן דאָרף. מען קען זיך אַפילו מיט זיי נישט צוזאַמענרעדן, פאַרשטייען נישט קיין וואָרט רוסיש. זיי מוזן דאָך אָבער עסן.

אַגאַפּיע ווייסט גאָר נישט ווי אַזוי זאָל זי איינהיטן דעם גאָרטן. מיטן באַגיסן איז איר אויך שווער. דער ברונעם איז טיף, ווייניק וואַסער האָט ער. דער עמער רייסט זיך אָפּ. מען וואָלט אים געדאַרפט גאָר רייניקן, דעם ברונעם.

שוין נישטאָ די אַמאָליקע כוחות, טראַכט אַגאַפּיע, וואָלט כאָטש נאַדזשקע געקומען צוהעלפן.

איר גאַנץ ביטער האַרץ האָט זיך אַגאַפּיען געוואָלט אויסלאָזן צו אים טאַ־קע, צו מישקען. אַ היפּשער נאַטשאַלניק געוואָרן דער זאַמאָרעק באַדראָוו. ער

גייט אַרום מיט אַ ביקס און היט אין סטעפּ די תבואה. באַדראָוויכען שטעלט עס אויף די פיס... ווען ער זאָל נישט היטן דאָס ברויט, וואָלט זי געשטאָרבן פון הונגער מיט דער גאַנצער פאַמיליע...

עס איז שוין געווען גאָר שפּעט, ווען אַגאַפּיע האָט יענעם אָוונט זיך מייאש געווען צו וואַרטן אויף באַדזשקען.

אין דרויסן איז געווען פינצטער. אָנהייב אָוונט האָט מען יאָ געזען לבנה און שטערן. שפּעטער אָבער האָט זיך דער הימל פאַרצויגן מיט וואָלקנס. עס האָט געוויזן אויף רעגן.

אַגאַפּיע איז געקומען פון גאָרטן און געקוקט דורכן פענצטער. אַרום האָט געלויערט, געלויערט אַ פינצטערניש.

זי איז אַרויפגעקראָכן אויפן אויוון מיטן געדאַנק נאָך עטלעכע מאָל אין דער נאַכט אַרויסצוגיין אויפן גאָרטן.

אין די פינצטערע נעכט מוז מען נאָך מער היטן — האָט זי גערעדט צו זיך אַליין — די, וואָס ווילן טאָן שלעכטס, וואַרטן נאָר, עס זאָל ווערן גוט פינצ־טער. מען מוז זיין אויף דער וואַך. אַנומלט האָט מען ביי טימאָפעיעוון אַרויס־געריסן די גאַנצע מערעלעך. שוין נישט דאָס ערשטע מאָל.

— אך אי הרעשני נאַראָד... — האָט זי געמורמלט און איינגעלייגט זיך אויפן האַרטן אויוון.

# קאַפּיטל XVII

לאַנג איז נאַדזשקע אין דער היים נישט געווען. אין פעלד איז זי לעבעדיק, צעשריַען. זי טוט יעדע אַרבעט, וואָס עס פאַלט איר צו, איז אַזוי פאַרבריהט, אַז זי פאַרגעסט אין אַלץ.

מיטן צופאַלן פון דער נאַכט ווערט איר שטאַרק אומעטיק, זי בענקט. ביי־זערט זי זיך אויף אַלע און רעדט מיט רוגזה. קיינעם אַרט עס נישט. יעדער איז פאַרנומען מיט זיך.

אין איינעם אַן אָוונט האָט מישקע דער „אָכראַניק", וואָס היט די תבואה־פעלדער, זיך פאַרשלעפּט ביז די קאָזאַקישע אַאולן. ער האָט ליב געהאַט זיך צו האַלטן ווייט פון בריגאַדע־עולם, געפילט שטענדיק אַ פיינטשאַפט צו זיך. נאָר מען האָט פון אים אָפּגעלאַכט. איז ער אַזוי געגאַנגען איינער אַליין מיטן סטעפּ אַזש ביז די קאָוטשוק־פּלאַנטאַציעס. באַמערקט, אַז ער איז אַזוי ווייט פאַרקראָכן, האָט ער זיך שנעל צוריקגעקערט. פּלוצלונג האָט מישקע דער־פילט אַ שטאַרקן ווייטיק אין פאַרוואונדעטן פוס. ער האָט פאַרלאַנגזאַמערט זיין טראָט. פאָרזיכטיק נאָכגעשלעפּט דעם פוס. אָבער פונקט ווי אויף צו להכעיס, וואָס מער אויפמערקזאַמקייט ער האָט אַרויסגעוויזן צום ווייטיק, אַלץ מער האָט דער פוס געשטאָכן און געצויגן, אַזש דאָס האַרץ האָט געקלעמט.

מיט די לעצטע כוחות האָט ער זיך געשלעפּט. דער גרויסער שינעל, וואָס האָט איינגעוויקלט זיין קליין פיגורל, האָט זיך נאָכגעצויגן איבער דער ערד, מיט זיין קאַנט געבויגן די הויכע גראָזן, וועלכע האָבן זיך באַלד אויסגעגלייכט הינטער אים.

אין זיינע יסורים האָט מישקע דערפילט די שווערע משא פון דער ביקס, וואָס ער האָט געטראָגן אויפן אַקסל. כאָטש וואַרף זי אַוועק. קוים מיט צרות איז ער דערקראָכן צום אָפּגעזעגטן בוים, וואָס איז געלעגן הינטערן שייער. פון ווייטן האָט ער געזען דאָס פייער אונטערן קעסל, וואָס האָט נאָך שוואַך געטליִעט נעבן דער באַזע. די אַרבעטער זענען שוין געווען אינעווייניק.

אַראָפּגעלאָזט זיך אויף דעם קלאָץ, האָט ער דערהערט אַ שורשקען אין די פאַרטריקנטע בלעטער, ווי הינער וואָלטן זיך דאָרט פאַרקליבן.

מישקע האָט זיך אומגעדרייט און צו זיין שטוינונג דערזען נאַדזשקען.

איסטינקטיוו האָט ער זיך אַ הייב געטאָן, געוואָלט זיך גלייך אָפּטראָגן. געוועזן זיכער, זי באַהאַלט זיך דאָ מיט וואַסקען אָדער מיט עמעצן אַנדערש.

— זיץ, מישקע, וואָס אַנטלויפסטו?

נאַדזשקע האָט אויסגעזען ברוגז. ער האָט אומזיכער געקוקט אַרום זיך. נישט געגלייבט אַז נאַדזשקע איז אַליין.

— עס טוט דיר שטאַרק וויי דער פוס, מישקע?

— אַ ביסל.

— מישקע, עס איז ריכטיק, אַז דיין טאַטע איז דערהרגעט געוואָרן אויפן פראָנט?

— איך מיין, אַז יאָ. — האָט מישקע געענטפערט און געקוקט פאַר זיך.

— זאָג מיר, מישקע, דאָרטן אויפן פראָנט, האָסטו מורא געהאַט?

— פאַר וואָס?

— פאַרן שיסן? מען האָט דאָך דיך געקענט דערהרגענען.

— געוויס האָט מען געקענט.

— דאָס מוז זיין שרעקלעך.

— וואָס?

— דאָס הרגענען. איך האָב מורא. און דו, מישקע, און אַלע דאָרטן האָבן נישט מורא?

— דאָרטן... נאַדזשקע... פאַרשטייסט, וואָס וועט העלפן דאָס מורא האָבן?

— ווי מיינסטו, דאָרטן, מישקע, וואָלט איך מורא געהאַט?

— איך האָב געזען מיידלעך אויפן פראָנט. מען געוווינט זיך צו, אַז מען זעט שטענדיק דעם טויט פאַר די אויגן.

— און דו האָסט געזען?

מישקע שמייכלט. נאַדזשקע קוקט אויף אים און פירט איבער איר בליק אויף דער ביקס.

— פאַר וואָס, מישקע, שלעפּסטו די ביקס מיט זיך? גייסט אַרום אַזוי ווי אויפן פראָנט? צו וואָס דאַרפסטו עס? איך האָב עס פיינט.

מישקע האָט אָנגעקוקט נאַדזשקען און אָפּגעדרייט זיין בליק אין פאַר־לעגנהייט.

— מען הייסט פון ראַיאָן... פאַרשטייסט... איך ווייס?... איך בין צוגע־ווויינט... מען געוווינט זיך צו.

— דאַרפסט עס נישט, מישקע. דיר טוט דאָך וויי דער פוס, יאָ, מישענקא,

די ווונד אין פוס טוט דיר שטאַרק וויי? איז וואָס דאַרפסטו נאָך נאָכשלעפּן די גרויסע ביקס? עס איז דאָך דיר שווער, מישענקאַ.

אין יענעם מאָמענט האָט ער אין גאַנצן נישט געפילט דעם ווייטיק אין פוס. עס איז אים אַזוי גוט געוואָרן מיט נאַדזשקעס רייד. ער האָט געשוויגן און פּלוצלינג, אומגעריכט פאַר זיך אַליין אַ זאָג געטאָן:

— מיר איז נישט שווער, נאַדזשקע, איך בין שטאַרק!

נאַדזשקע האָט גאָר נישט געענטפערט. שווער געזעסן און געשוויגן. מיט אַ מאָל זיך אַ הייב געטאָן פון אָרט.

— עס איז מיר שוין דערעסן, מישקע. דאָס גאַנץ לעבן איז מיר שוין דערעסן. צום טייוול! איך וועל גיין טרינקען אַ ביסל קיפּיאַטאָק. קום, מישענקאַ, דו האָסט דאָך אויך נישט געטרונקען. — האָט זי געזאָגט שוין גייענדיק.

פון דאַן אָן קוקט ער שטענדיק אויף נאַדזשקען. ער זעט זי ביי די בייקן, אויף די הויכע וועגענער היי, ביים בינדן די סנאָפּעס. ער הערט איר שטים, ווען זי זידלט, ווען זי לאַכט. ער ווייסט שטענדיק ווו זי איז און וואָס די טוט.

וואָכן זענען אַדורך. געווען איז עס נאָך אַ הייסן און שווערן טאָג אַרבעט אין סטעפּ. זאַיקע האָט שוין געהאַט אויסגעמאָלקן די קי, אַרויפגעשטעלט די קאַנען מילך אויף דער טיעלעגע, אָפּצושיקן זיי אין דאָרף פאַר דער צענטריפוגע. דאָס האָט נאַדזשקע זיי געזאָלט אָפּפירן, נעכטיקן אין דער היים, זיין אין באָד און פאַרטאָג אויפקלייבן דאָס עסן פאַר די אַרבעטער. האָבן אָבער אַניוטען שטאַרק וויי געטאָן די ציין. שוין טעג ווי זי האָט זיך אָפּגעמאַטערט. די באַק איז געווען הויך, אָנגעשוואָלן. האָט דער בריגאַדיר איר געהייסן אָפּפירן די מילך אין דאָרף אַריין און אין איין וועג זיין ביים פעלדשער.

נאַדזשקע האָט זיך איינגעשפּאַרט און געזאָגט, אַז דאָס מאָל וועט שוין גאָר נישט העלפן. אַניוטען טוען טאַקע וויי די ציין, איז זאָל זי פאָרן, ווער לאָזט זי נישט. איך וועל אָבער נישט בלייבן! — האָט זי געשריִען מיט פאַרדרוס.

דער בריגאַדיר האָט זי געפּרוּווט איינגעמען. נאַדזשקע האָט נישט גע־קוקט אין זיין זייט, נישט געוואָלט הערן, וואָס ער רעדט. זי האָט געזידלט גאָטס מאַמען, געשאָלטן אַלע הייליקע, די וועלט, דאָס פאַרשאָלטענע לעבן און אַלע־מען צוזאַמען. צום סוף איז זי געבליבן.

דערפאַר וואָס זי איז אַזאַ באַוווסטזיניקע קאָלכאָזניצע, האָט זי דער ברי־גאַדיר צוגעשטופּט צו דער וואַנט, אויסגעקניפּט אירע ראָזע באַקן. און אַז איר שטימונג זאָל זיין נאָך בעסער, האָט ער איר צוגעזאָגט אַליין אַריינצוגיין זאָגן אַגאַפּיען, זי זאָל הייצן די באָד מאָרגן.

אַ ברוגזע האָט זי נאָכגעקוקט ווי אַניוטע האָט אַוועקגעטריבן דעם בייק

דורך דעם וואַלד, געהערט, ווי די קאַנען האָבן געקלימפּערט, געשאָקלט זיך אויפן האַרטן וואָגן.

עס איז שוין געווען נאָכן טאָג. וואַסקע האָט איבערגעלאָזט זיין טראַקטאָר אין פעלד און זיך מיטגעכאַפּט מיטן דיעדושקא דאַנילע, וואָס האָט געטריבן די בייקן צום שטאַל. ער האָט זיך פאַרהאַלטן ביים ברונעם, אַריינגעגאָסן אַן עמער אין דער הילצערנער קאָריטע און זיך געוואַשן, געפּליוכעט אויף זיך דאָס קאַלטע וואַסער, געבריקעט ווי אַ יונג פערדל און געמאַכט אַ נעץ אַרום ברונעם.

יוסטינאָוו, דער בריגאַדיר, האָט אַרויסגעאיילט פון שטוב, דערזען וואַס־קען, האָט ער צו אים געשריען פון וויטן:

— וואַסקע, ביסט שוין דאָ? און ווו זענען אַלע?

— נאָך געבליבן דאָרט!

— האָט מען שוין אויפגעקליבן די סנאָפּעס?

— מען לייגט זיי איין!

— ווער שטייט אין דער הויך, ווער לייגט?

— מיכאַילו!

— מען דאַרף לויפן אין סטעפּ אַריין — האָט יוסטינאָוו געזאָגט צו זיך אַליין.

— היי, בריגאַדיר! ווו ביסטו דאָרטן? פאַר וואָס זעסטו נישט, מען זאָל רייניקן די שטאַלן? קוק, ווי די קי שטייען אין מיסט!

דאָס האָט דער דיעדושקע דאַנילע געשריען פון שטאַל אַרויס. יוסטינאָוו איז אַריין אינעווייניק, עפּעס גערעדט מיטן אַלטן און באַלד צוריק אַרויס.

— עס וועט נאָך היינט רעגענען — האָט ער געזאָגט — אַ שמיץ געטאָן דאָס פערד און אַוועקגעפאָרן.

פון דער זון איז שוין קיין סימן נישט געווען. צווישן איינציקע שטערן האָט אַ בלאַסע לבנה זיך געוויזן איבערן וואַלד, פאַרפאַלן געוואָרן צווישן דיביימער, ווי זי וואָלט זיך פאַרטשעפּעט אין זייערע שפּיצן און ווידער זיך אַרויסגעפּלאָנטערט.

ווייט הינטערן וואַלד האָבן זיך גערוקט שווערע וואָלקנס. דאָרטן איז שוין געווען פינצטער.

אויף דער באַזע האָבן זיך שוין געקליבן די אַרבעטער. זיי זענען נישט אַריין אין שטוב, נאָר געבליבן אין דרויסן, ביים אויפגעלייגטן פייער. גע־וואַרט דאָס וואַסער זאָל אויפקאָכן. מאַרוסקע האָט יעדע ווילע צוגעוואָרפן שפּענדלעך, דאָס פייער זאָל נישט אויסגיין. עס איז שוין געווען פול זשאַר צווישן די ציגל אונטערן קעסל. זענען אַלע געזעסן, געקוקט ווי דאָס פייער

האָט יעדע ווילע זיך פֿאַרטונקלט, זיך אַרומגעוויקלט אין רויך און אויסגע־שאָסן אין אַ פֿלאַם.

דאָס וואַסער האָט שוין געהאַט אויפֿגעקאָכט און זיי זענען נאָך אַלץ גע־זעסן מידע מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט. עס איז געווען אַ סוד דערביי, וואָס מען האָט זיך נישט גערירט פֿון די ערטער.

זיי האָבן געוואַרט דער בריגאַדיר זאָל פֿאָרן אַהיים.

געאַרבעט היינט אויף די קאַרטאָפֿל־פֿעלדער, האָט וואַסיל אויף צוריקוועגס מיטגעבראַכט אַ טאָרבע קאַרטאָפֿל. באַקן זיי זיך איצט אין זשאַר. זאָל עס נאָר יוסטינאָוו נישט באַמערקן. דערציילן וועט אים קיינער נישט. ער קען נאָך פֿון דעם מאַכן אַ גאַנצן עניין. עס גייט נישט אַזוי אין דער גנבה פֿון די קאַר־טאָפֿל, ווי דאָס וואָס עס איז נאָך פֿרי צו טשעפּען די קוסטעס. זיי וועלן אָנהייבן צו טריקענען און אויפֿהערן צו וואַקסן.

— עס וועט באַלד אַ גאַס טאָן — האָט וואַסקע געזאָגט בעתן צוקומען.

— וועט ער טאָקע גיכער פֿאָרן אַהיים.

— ווער דאַרף עס אָבער איצט דעם רעגן צום שניט? — האָט זאָיקע געזאָגט, אַ קרעכץ געטאָן און שווער זיך אַראָפּגעלאָזט נעבן פֿייער.

— זאָיקע, וואָס מאַכט פֿערעסטקע? — האָט דאַנילע פֿון וועיטן אַ פֿרעג געטאָן.

— שוין, זי לעקט שוין אַרום איר בייקל. ביאַלע מאַטערט זיך נאָך.

— מען וועט מאָרגן גאָר נישט קענען אַרויסגיין אין פֿעלד אַריין — האָט מיכאַיל געזאָגט, פֿאַרקוקט אין דער כמאַרע.

פּיעטראָוו, וואָס איז געזעסן אַליין אָן אַ זייט און אַרומגעוויקלט מיט אַ שטיקל לייוונט זיין פֿאַרשטאָכענעם פֿוס, האָט דאָס אויך באַשטעטיקט.

— עס וועט גוט אַ גאָס טאָן, ס׳וועט מאָרגן זיין נאַס.

— וועט מען זיך אַ ביסל אָפּרוען — האָט זיך דערהערט אַ שטילער זאָג.

— מען דאַרף רייניקן די שטאַלן! — האָט ווידער זיך אָפּגערופֿן דאַנילע.

— דער בריגאַדיר האָט שוין גערעדט וועגן דעם, אַז מען דאַרף אויך די שעפּסן שערן.

— איז זאָל מען קומען פֿון דאָרף שערן די שעפּסן!

— זעסט דאָך ווי מען קומט.

— נישט אַלע זענען אַזעלכע קאָלכאָזנע פֿערד ווי מיר — האָט אַ זאָג געטאָן מאַרוסקע און צוגעוואָרפֿן עטלעכע דינע ריטלעך צום פֿייער, וואָס האָט שוין געהאַלטן ביים אויסגיין.

דערווייל איז געוואָרן אַלץ טונקעלער. אַנטקעגן איבער די פֿעלדער האָט

זיך עמעץ געדרוקט פאָרויס. דאָס איז מישקע דער אָכראַניק געגאַנגען צו דער באָזע.

ווי שטענדיק אָנגעטאָן אין גרויסן שינעל, וואָס דער ברייטער רימען האָט אונטערגעהאַלטן, ער זאָל זיך נישט שלאָמפּערן איבער דער ערד. די אַרבל זענען אים געהאָנגען איבער די שפּיצן פינגער. פון גאַנצן שינעל האָט מען בלויז אַרויסגעזען זיין קליין קעפּל.

פון ווייטן האָט ער באַמערקט, אַז עס זענען שוין אַרויסגעשטעלט די געוואַשענע עמערס און אַז קאַטיע איז שוין עטלעכע מאָל אַריין און אַרויס פון שטאַל. פון דאָרטן האָט זיך געטראָגן אַ האַרצרייסנדיק מוקען. דאָרט זענען די צוויי קי, פּערעסטע און ביאַלע, זיי קעלבן זיך. פאַרטאָג זענען זיי ביידע נישט אַרויס אין פעלד אויף פּאַשע.

אומענדלעך און טרויעריק האָט אים איצט אויסגעזען דער אַרום. די באָזע, צו וועלכער ער האָט זיך געשלעפּט, איז געלעגן קליין און ווייט, ווייטער ווי שטענדיק.

מישקע איז געגאַנגען און נאָכאַנאַנד זיך אָפּגעשטעלט. אַנטקעגן אים האָבן זיך געדרוקט בלייענע, שווערע וואָלקנס. פינצטערע קנוילן האָבן געיאָגט איינער איבערן צווייטן. דער ווייטיק אין פוס איז געווען ווי שטענדיק פאַר אַ רעגן און דאָך איז דאָס מאָל אים באַפאַלן אַ שרעק. ער האָט אַליין נישט געוווּסט פאַר וואָס. האָט דאָס די שווערקייט אין דער לופט, וואָס האָט נישט געלאָזט אָטעמען, אים אַזוי דערדריקט?

עס האָט אים אויסגעזען, אַז אַלץ ציטערט איצט.

די קו, וואָס שרייט פאַר ווייטיק אין שטאַל, זיין פאַרווונדעטער פוס, וואָס האָט מורא פאַרן אָנקומענדיקן שטורעם. עס ציטערן די ווייטע שטרעקעס סטעפּ, באַוואָקסן מיט ווילדע גראָזן, די זאַנגען אין פעלד, אַפילו די שוין אָפּגעשניטענע, די געבונדענע אין סנאָפּעס, ציטערן אויך. הילפלאָז האָט ער געקוקט אַרום זיך, ווי אַמאָל אויפן פראָנט, פאַר אַן אַטאַקע.

האָבן דאָס די טשאַטעס פייגל מיט זייער קראַקערייַ אים דערמאָנט דאָס שלאַכטפעלד? איבערגעשראָקענע האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די יונגע קוסטעס ביי די ראַנדן פון וואַלד. געזוכט אין דער נידער אַ באַהעלטעניש. זיי זענען געשפּרונגען פון צווייגל צו צווייגל און לסוף פאַררוקט זיך אין דער געדיכטקייט צווישן די ביימער. זייער דערשראָקענער טשוויטשעריי, האָט זיך דערטראָגן פון דאָרטן אַזש אַהער.

מישקע האָט געזען דאָס געזעמל ביים פייער. וואַסקע איז צוגעקומען, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, נעבן די מיידלעך. זיי האָבן אַלע אים ליב. מישקע אַליין האָט אים אויך זייער גערן. אַ גוטער ברודער, דער וואַסקע.

אַנומלט, ווען מישקע איז געשטאַנען אין פעלד, האָט וואַסקע, באַהאַלטע־נערהייט אָנגעשאָטן אַ טאָרבע ווייץ. מישקע האָט זיך געמאַכט נישט זען. אַ ביסל אויך דערפאַר ווייל ער האָט מורא פאַר אים. וואַסקע קען אָנברעכן די ביינער פאַרן זען אַזאַ זאַך.

כאָטש מישקע טוט קיינעם קיין שלעכטס נישט, פילט ער, אַז די גאַנצע באַציִונג צו אים האָט זיך געביטן, פון ווען אָן ער איז געוואָרן אָכראַניק פון דעם קאָלכאָזנעם ווייץ.

אַמאָל, פאַרן אַוועקגיין אויפן פראָנט, ווען ער האָט געאַרבעט מיט אַלעמען גלייך אין בריגאַדע, האָבן אים אַלע ליב געהאַט. די מיידלעך האָבן אים גע־רופן מישענקאַ, קליינער מישקע. זיי זענען געווען גוט צו אים. היינט האָבן זיי אַ וואַקס געטאָן, געוואָרן גרויסע, אַ סך גרעסער פון אים. זיי לאַכן פון זיין שי־נעל. זיי זאָגן, אַז ער, מישקע, איז צו קליין געוואַקסן פאַר אים. קיין זאַך גע־פעלט זיי נישט, אפשר אויך די קאַליקע פוס זיינע. ער איז זיכער, אַז מער פון אַלץ פאַרדריסט זיי אויף אים, וואָס ער גייט צווישן זיי מיט אַ ביקס. וואָס אָן אמת וואָלט ער זיך געקענט באַגיין אָן איר. דוכט זיך אים אָבער, אַז דאָ, אין סטעפּ, דערגיט זי אים חשיבות.

מישקע האָט זיך יעדע ווייליע אָפּגעשטעלט. פאַרקרימט פון ווייטיק, האָט ער זיך אָנגעשטרענגט און דאָך דערקראָכן נענטער צו דער באַזע. פון אַרום פייער האָבן זיך צו אים דערטראָגן שטימען, ער האָט אָבער נישט געקענט אונטערשיידן ווערמענס.

— זיצט נאַדזשקע אויך דאָרט? — האָט ער אָנגעשפּיצט זיין געהער. ווען ער זאָל וויסן, אַז זי איז דאָרט ביים פייער, וואָלט ער צוגעגאַנגען אַ קוק טאָן. איר קול אָבער האָט ער נישט געהערט. איז ער געשטאַנען און מיט פאַר־דרוס זיך דערמאָנט, אַז נאַדזשקע איז גאָר אַוועקגעפאָרן. נעכטן נאָך האָט דער בריגאַדיר געזאָגט, אַז היינט וועט זי שוין נעכטיקן אין דאָרף. אַ שאָד אים געווען, וואָס ער איז אַזוי שפּעט געקומען.

אַלץ צוליב דעם פאַרשאָלטענעם פוס... געקענט זען זי פאַרן אַוועקפאָרן... גערעכט איז נאַדזשקע, — האָט ער געמורמלט צו זיך אַליין — דאָס לעבן איז טאַקע דערעסן.

זי האָט אויך געפרעגט, צו וואָס איך טראָג די ביקס. מען דאַרף טאַקע נישט.

איך וועל אַריינגיין אויף דער באַזע, אויספּוצן זי, אַרויסנעמען די קויל און אויפהענגען אויף דער וואַנט. זי איז גערעכט. און אַז נאַדזשקע וועט קומען פון דאָרף, וועל איך גיין אָן אַ ביקס, איר וועט עס געפעלן...

שטיל און זייטיק האָט ער דורכגעשלייכט פאַרביי דאָס פייער און אַריין

אין שטוב. ער האָט אָנגעצונדן דאָס נאַפּט־לעמפּל און אַוועקגעזעצט זיך צו דער אַרבעט.

מיט אַ מאָל האָט אַ פּינצטערניש אַרומגענומען דעם גאַנצן סטעפּ. דער־שראָקענע מיט צעפּלאָשעטע פליגלען האָבן זיך אין געלויף אַ שאָט געטאָן די הינער, פון אַלע זייטן געלאָפן צו זייערע שעדעלאָס איבער די שטעלעכלעך. פון יענער זייט האָט אַ בליץ אויפגעשפּאָלטן דעם הימל, צעהעלט איבער די שוואַרצעביימער־שפּיצן און פאַרפאַלן געוואָרן אין חשכות פון וואַלד. אין דער לופט האָט זיך לאַנג געקייקלט אַ געריויש. ווייט פון דאַנען האָט געדונערט.

די ערשטע איז אַריינגעקומען אין שטוב מאַרוסקע. דערזען מישקען זיצן ביים טיש מיט אַ צענומענע ביקס, האָט זי הויך זיך צעשריִען.

— קלייב זיך אַוועק פון טיש, פּלאָקן־שיסער! לאָז גיין דעם עולם עסן, שוין פאַרטיק דער קיפּיאַטאָק.

זי איז שנעל געלאָפן פון איין פענצטער צום צווייטן, זיי האַסטיק פאַרמאַכט און נישט איבערגעריסן דאָס שרייען צו מישקען:

— טראָג דיך אַוועק! וואָרעם איך וואַרף דאָס אַלץ אַראָפּ, העלד גרויסער! ביסט אַ וואַזשנער מאַנצפאַרשוין אָן דער ביקס אויך!

אַ פאַרשעמטער, האָט מישקע שנעל געשאַרט אַלץ פון טיש און געלייגט נעבן זיך אויף אַ טאַבורעט. געאיילט, וואָס גיכער צו פאַרענדיקן די אַרבעט. ער האָט פאַרביסן די ליפּן. אַ פאַרדרוס אויף זיך אַליין האָט אים געפּייניקט.

— וואָס האָב איך זיך אַזוי דערשראָקן פאַר איר? — האָט ער זיך פאַר־געוואָרפן. ווען איך זאָל זיך נישט לאָזן אַזוי פון אַלעמען קריכן אויפן קאָפּ, וואָלט איך געווען פּונקט ווי זיי אַלע.

מיט אַ מאָל איז ער געבליבן אין גאַנצן איבערראַשט. פון יענער זייט ווענטל האָט זיך דערטראָגן אַ געשריי:

— וואַסקע, סוואָלאַטשע, הער אויף קנייפּן! לאָז אָפּ, וועסט מיך דערשטיקן! איך בין הונגעריק ווי אַ הונט!

— נאַדזשקע — האָט מישקע אויפגעצאַפּלט — זי איז דאָ. נישט אַוועק־געפאָרן.

ער האָט תיכף פאַרגעסן די זידלערייִ פון מאַרוסקען. געשטאַנען אין מיטן צימער מיט דער ביקס אין האַנט, געוואָלט זי אויפהענגען אויף דער וואַנט און נישט געזען קיין טשוואָק. מיט זיינע אַלע חושים איז ער געווען דאָרט, נעבן איר. אָנגעשפּיצט האָט ער זיך צוגעהערט: זאָגט זי נאָך וואָס? אָט, ווען ער זאָל קענען אַריינגיין אין פירהויז, צוגיין צו וואַסקען און אַוועקטרייבן אים. פאַר וואָס קנייפּט ער נאַדזשקען?... ער איז אָבער געשטאַנען און נישט גערירט זיך פון אָרט.

פּלוצים האָבן גרויסע רעגן־טראָפּנס אַ קלאַפּ געטאָן אין די שויבן. אַ ווינט האָט זיך צעוואָיעט. עס האָט אַ בליץ געטאָן און גלייך נאָך דעם האָט קורץ און הויך אָפּגעהאַקט אַ דונער.

אין דער מינוט איז די שטוב פול געוואָרן. שוין פאַרנעצטע זענען אַלע אַרבעטער געקומען צו לויפן אויף דער באַזע.

— ער איז ערגעץ נאָענט אַראָפּגעפאַלן — האָט מען געהערט דעם דיע־דושקען זאָגן אין פירהויז.

אַ רגע האָט אויך מישקע אויפגעציטערט פון דונער און גלייך נאָך דעם ווייטער געטראַכט

„זי איז הונגעריק ווי אַ הונט", זאָגט זי, איך וועל איר אָוועקגעבן דאָס ברויט, וואָס די מאַמע האָט מיר געשיקט... דאָס ברויט וואָלט גוט געווען פאַר נאַדזשקען...

— היי, באָדראָוו, וואָס דרייסטו זיך אַרום ווי אַ באַבע אין דיין לאַנגער ספּודניצע מיט דער ביקס אין האַנט? — האָט וואַסקע פּלוצלונג זיך אָנגערופן — ביסט דאָך שוין עפּעס נישט קיין צוציק. דו האָסט דאָך שוין יאָ געשמעקט פּולווער. האָסט דאָך שוין געהערט האַרמאַטן דונערן. ווייז נאַר, מישקע, ווי אַזוי זעען אויס אונדזערע אויפן פראָנט, ווען עס קנאַלט אַזוי!

מישקע האָט אַ שמייכל געטאָן ווי אַ פאַרשעמט קינד. ער האָט דערפילט אַלעמענס בליקן אויף זיך און אין זעלבן מאָמענט דערזען, אַז זיין שינעל איז טאַקע אַ ביסל צו לאַנג. ער האָט זיך אויסגעגלייכט, אַ צי־אויס געטאָן זיך אין דער הייך און אויפגעהויבן די ביקס אויפן אַקסל. אַ פאַרשעמטער, נאָך מער פארלוירן, אַ כאַפּ געטאָן די ביקס אין די הענט אַריין.

— אַזוי, בראַוואָ, מישקע, זעט מען אַ זעלנער פאַר זיך! ווייז זיי, מישקע, ווייז זיי! וופּיעראָד! ראַז! — דוואַ! — טרי!

מישקע האָט געהערט אַלעמענס געלעכטער, ער האָט אָבער אויף קיי־נעם נישט געקוקט. זיין קאָפּ אַ ביסל פאַרהויבן, די אויגן אָנגעשטרענגט. אַ קינדערשער, אומבאַהאָלפענער שמייכל איז דאָ אַרויף, דאָ אַראָפּ פון זיין קליין פּנימל, וואָס האָט זיך באַצויגן מיט אַ רויטקייט איבער די אויערן.

— וופּיעראָד! — האָט וואַסקע איבערגעחזרט.

— אין אַטאַקע! וופּיעראָד! — האָט ער ווידער געקאָמאַנדעוועט און מיש־קע האָט אָנגענומען די פּאָזיציע פון שיסן מיט דער ביקס.

אין דער נידעריקער ראָם פון דער טיר האָט זיך באַוויזן נאַדזשקע. זי איז געגאַנגען זיך זעצן צום טיש. אָנגעקומען אויף אַזאַ ספּעקטאַקל, האָט זי זיך פאַרהאַלטן אויפן שוועל, אַראָפּגעלאָזט איר צעפּלאָמט פּנים אויף איין זייט, צעשפּרייט די הענט אין אַ קרייץ און געבליבן שטיין ווי דער יעזוס אויפן בילד.

איר האַלב ליידיק טאָרבעלע עסן האָט זיך געבאָמבלט אין איין האַנט. געוויגט זיך הין און צוריק.

נאַדזשקע, פאַרהאַלטן זיך אויף אַזאַ קאָמישן אופן אַנטקעגן דער אָנגע־שטעלטער ביקס, האָט נאָך מער געהייטערט דעם עולם. איבער אַלעם האָט געקלונגען מאַרוסקעס געלעכטער. זי האָט געקייכט און דער קיפּיאַטאָק האָט געגאָסן פון פיאַלושקע, געקאַפּעט איבערן טיש.

מישקע האָט דערזען נאַדזשקען איז ער שוין אין גאַנצן צעטומלט געוואָרן. זיין שמייכל פון פּנים איז פאַרשוווּנדן. אַ פאַרלוירענער האָט ער געקוקט אין אַלע זייטן, ווי ער וואָלט וועלן אַנטלויפן, זיך ראַטעווען...

— נאַדזשקע איז נישט ווי אַלע, זי לאַכט נישט — איז אים דורכגעפלויגן אַ געדאַנק. אַ פאַרצווייפלטער האָט ער עס געזוכט אין איר בליק. זי איז אָבער געשטאַנען אַנטקעגן אים, מיט פאַרמאַכטע אויגן און אַ שמייכל האָט געשפּילט אויף איר פּנים. ער האָט דייטלעך געזען אַ שמייכל...

דאָס געלעכטער אַרום אים האָט ער געהערט אַלץ שטאַרקער, אַלץ שטאַר־קער און זי האָט אויך געהערט... מישקע האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ שאָס. נאַדזשקע איז געפאַלן אויף יענער זייט שוועל.

עס איז געוואָרן טויט שטיל. אַלע האָבן זיך איבערגעקוקט צעטומלט. באַדראָוו איז געשטאַנען ווייס ווי אַ טויטער. זיינע ליפּן האָבן זיך באַוועגט און נישט אַרויסגעבראַכט קיין קלאַנג. קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. מען האָט געוואַרט, אַז נאַדזשקע זאָל זיך דאָך אויפהייבן.

— בלוט! — האָט אויסגעשריען דער בריגאַדיר, וואָס איז אַריינגעלאָפן פון פירהויז — בלוט! דערשאָסן!

— ניין!... ניין!... עס איז נישט... נישט געווען קיין קויל אין ביקס... — האָט מישקע קוים אַרויסגעשטאַמלט.

נאַדזשקע איז שוין געלעגן אויף דער בריטשקע, ווען מישקע האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און צוגעלאָפן צו איר. זיין פּנים האָט זיך געקרימט, זיינע ליפּן האָבן געציטערט, אַז מען האָט קוים געקענט הערן אָפּגעריסענע ווערטער:

— נאַדזש... נאַדזשקע... איך האָב אַרויסגענומען... די קויל איז נישט געווען... געוואָלט זי שוין אויפהענגען... נאַדזש, דו ביסט גערעכט... עס איז נישט געווען קיין קויל אין ביקס.. דו ביסט...

דער בריגאַדיר האָט אים אַ שטופּ געטאָן און ער האָט זיך אָוועקגעקייקלט צו דער וואַנט. זיין קאַליקער פוס האָט אַ גלייכער זיך נאָכגעשלעפּט.

***

שוין שפּעט נאַכט געווען, ווען זיי זענען פֿאַרפֿאָרן צו דער באַלניצע.

— נאָך וואָס האָט איר מיר געבראַכט אַ טויטע? — האָט דער פֿעלדשער הילפֿלאָז צעפֿירט די הענט.

יוסטינאָוו האָט אַוועקגעיאָגט צו אַגאַפּיען. פֿאַרהאַלטן זיך הינטערן פֿענצ־טערל.

— אַגאַפּיע! אַגאַפּיע! — האָט ער געררופֿן.

אסתּר איז ניט געשלאָפֿן. זי האָט געהערט עמעצן צופֿאָרן צו דער שטוב און זיך געוווּנדערט, וואָס עס איז שוין טאָג. אין רוף האָט זי דערקענט יוסטינאָוס קול. איז זי אַראָפּ פֿון געלעגער, אַרויפֿגעקראָכן אויף דער אויוון־באַנק. אויפֿן אויוון איז געווען אַ פֿינצטערניש. מען האָט גאָר נישט געקענט זען.

— מומע אַגאַפּיע, דו הערסט טיאָטקע? דו שלאָפֿסט?

— סטעראַ? דאָס ביסטו? מיר האָט זיך געחלומט, אַז מען וועקט מיך. מען דאַרף טאַקע אַראָפּגיין. זען דעם גאָרטן. דער סוף וועט זיין, מען וועט צעשלעפּן די פּאָמידאָרן. די קאַרטאָפֿל גראָבט מען אונטער. אוי וויי, מען גראָבט זיי אונטער...

— קום, אַגאַפּיע, גיכער קום!

— ביעשעניע! פּאַראַזיטן! — האָט זי אַ געשריי געטאָן — וואָס ווילט איר דאָרטן? ווער איז עס?

זי האָט זיך האַסטיק אַראָפּגעגליטשט פֿון אויוון און געבליבן שטיין צע־מישט פֿאַר צעטומלטקייט, נישט געקענט פֿאַרבינדן די ספּודניצע.

— אַגאַפּיע, דו הערסט, אַגאַפּיע! שטיי אויף! עס איז געשען אַן אומגליק מיט נאַדזשקען! — האָט יוסטינאָוו געררופֿן.

באָרוועס, אַ צעשויבערטע, איז זי אַרויסגעלאָפֿן אין דרויסן. די ערד איז געווען נאַס. פֿול מיט גריבער וואַסער נאָכן רעגן. דאָס ערשטע האָט זי אין דער פֿינצטער דערזען דאָס פֿערד. אַ רגע שפּעטער דעם בריגאַדיר אין וואָגן.

— ווו איז זי? ווו איז נאַדזשקע?

פֿון בריגאַדירס אָפּגעריסענע רייד האָט אַגאַפּיע גאָר נישט געקענט באַ־נעמען. נאָר אַ שרעק איז איר באַפֿאַלן, וואָס האָט געמאַכט קלאַפּן אַ צאָן אָן אַ צאָן. און אַן אימפּעט אין איר האָט געיאָגט שוין וואָס גיכער זי צו זען.

ווען אסתּר איז אַרויסגעלאָפֿן פֿון שטוב, האָט זי געהערט דעם וואָגן זיך דערווייטערן. יוסטינאָוו האָט געיאָגט מיט הינטערשטע וועגן. דאָס וואַסער אין די גריבער האָט געשפּריצט. אין דער פֿינצטער האָט דער וואָגן געצייכנט אַ נאָך טונקעלערן פֿלעק. אסתּר איז אים נאָכגעגאַנגען. פֿון צייט צו צייט האָט אויפֿגעהעלט. דאָס האָט ערגעץ שוואַך געבליצט. גאָר וויט האָט נאָך געדענט.

דער וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן באַלניצע.

— נישט דאָ — האָט אַגאַפּיע זיך איינגעשפּאַרט. דאָך איז זי אַראָפּגע־קראָכן פון וואָגן.

— פיר מיך ווייטער... צום סטעפּ... זי איז דאָרטן... זי איז נישט געקומען...

— האָט זי געפּליסטערט און ווי אַ געשפּענסט, אַ צעפּלאָשעטע נאָכגעגאַנגען דעם בריגאַדיר. קיין וואָרט נישט באַנומען פון דעם, וואָס ער האָט גערעדט.

זיי האָבן דורכגעשלייכט דעם פינצטערן קאָרידאָר, געקראָכן אויף שמאָ־לע טרעפּ אַרויף. אַגאַפּיען האָט זיך געדוכט, אַז זי גייט גאָר בידעריקער. אַראָפּ, אַראָפּ, נאָך אַ האָר און זי פאַלט אין אַן אָפּגרונט אַריין. עס האָט איר געשווינדערט פאַר דער שטילקייט דאָ, פאַרן גערוך פון קאַרבאָל.

— וווהין פירסטו מיך?... זי איז דאָ נישטאָ!.. .זי קען דאָך דאָ נישט זיין... זי איז נישט געקומען... איך האָב געוואַרט ביז שפּעט... הערסט יוסטינאָוו? ווו איז נאַדזשקע? פרעג איך דיך! — האָט זי נאָכאַנאַנד געשעפּטשעט, געצויגן דעם בריגאַדיר ביים אַרבל אויף צוריק און קעגן איר ווילן האָבן אירע טריט געשאַרט נאָך אים.

— יוסטינאָוו, ווו איז...

אַגאַפּיע האָט דערזען: אויף אַ בעטל, צוגעדעקט מיט אַ גרינער סאָל־דאַטסקע קאָלדרע, איז עמעץ געלעגן. דער פעלדשער האָט אָפּגעדעקט אַ טויט געזיכט.

— נאַדזשקע?

עס האָט געברענט דער בלייכער פלאַם אין לעמפּל. אַגאַפּיע האָט שטום געקוקט און דערקענט. זי איז עס טאַקע געלעגן. אַ ווייסע... און מאָדנע ערנסטע.

— נאַדזש... דאָס ביסטו?... קען נישט זיין... — האָט זי געפּליסטערט.

מיט אַ פאַרשטיינערטן בליק האָט זי געקוקט אַרום זיך. דערזען אסתרן אין דער אָפענער טיר, האָט זי אַ כאַפּ געטאָן זי ביי דער האַנט.

— קוק, סטעראַ, קוק גוט... דאָס... דאָס איז נאַדזשקע!...

זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן און אַ געשריי, ווי פון אַ פאַרווונדעטער חיה, האָט זיך געריסן פון איר האַלדז, געוועקט די שטילקייט אין דער פאַרשלאָ־סענער באַלניצע:

— נאַדזשקע דו? דו לעבסט נישט?...

און באַלד איז זי געפאַלן אויף די קני. אַוועקגעלייגט איר קאָפּ נעבן דער טויטער און שטיל, גאָר שטיל געיאָמערט:

— סאהרעשילא יא הרעשנאַיאַ, איך האָב פאַרזינדיקט...

***

עטלעכע טעג איז אַגאַפּיע אין דער היים נישט געווען. נאָכן באַערדיקן נאַדזשקען איז זי אַוועק צו איר עלטערער טאָכטער.

אין איינעם אַן אָוונט, ווען אסתר איז שוין פֿאַרשפּעטיקט געגאַנגען פֿון דער אַרבעט, האָט זי באַמערקט עמעצן אויפֿן גאָרטן. זי האָט גלייך אָנגעהויבן לויפֿן. מען מאַכט אַ תל פֿון אַגאַפּיעס מי, האָט זי אַ טראַכט געטאָן. אויך נעכטן, ווען אסתר האָט זיך צוריקגעקערט פֿון דער אַרבעט, האָט זי געזען עמעצן אַראָפּלויפֿן. מען איז אַריבערגעשפּרונגען דעם פּלויט און פֿאַרשוווּנדן מיט דער הינטערשטער סטעזשקע.

צוגעקומען נענטער האָט אסתר דערזען בעסער. דאָס מאָל איז עס גאָר געווען אַגאַפּיע. זי האָט זי קוים דערקענט. אַ קלענערע, אַן איינגעקאָרטשעטע, דעם קאָפּ צו דער ערד, איז זי אַרומגעקראָכן אין ראַזאָרע און מיטן גרויסן קרוג באַגאָסן די מערן. דער עמער, אַ צוגעפּעסטיקטער צו דער לאַנגער שטריק, איז געלעגן ביים ברונעם. אסתר האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַרויסציִען דאָס וואַסער. אַגאַפּיע איז צוגעקומען, אונטערגעשטעלט דעם קרוג און מיטן יואַ־סער ווידער אַוועק צווישן די בייטן.ביידע האָבן געאַרבעט שווייגנדיק. אויס־געמיטן צו באַגעגענען זיך מיט די בליקן.

— און גרישקע איז ביי סטאַלינגראַד — האָט אַגאַפּיע געמורמלט צו זיך אַליין. דאָס האָט זי דערמאָנט איר איידעם, דער טאָכטערס מאַן, פֿון וועל־כער זי איז נאָר וואָס געקומען. אסתר האָט נאָכגעקוקט אַגאַפּיען, געהערט איר רעדן צו זיך אַליין. קיין ווערטער האָט זי נישט אויפֿגעכאַפּט. געזען איר פֿאַרקריכן טיף אין גאָרטן. מסתּמא האָט זי שוין לאַנג אַזוי געאַרבעט.

אויפֿן וועג צוריק מיטן ליידיקן קרוג, איז אַגאַפּיע שטיין געבליבן ביי אַ געל געוואָרענעם קוסט קאַרטאָפֿל. זי האָט זיך איינגעבויגן, אויפֿגעהויבן אַ פֿאַרזשאַווערטן לעפֿל און אים אַ וואָרף געטאָן איבערן פּלויט. מיט דעם לעפֿל האָט מען וואַרשיינלעך אונטערגעגראָבן דעם קוסט און אַרויסבאַקומען די נאָך נישט רייפֿע קאַרטאָפֿעלעך.

— הונגעריקע — האָט זי גערעדט צו זיך — דאָליע ביטערע... אומגליק מיינער... ער ווייסט נישט וואָס דאָ איז געשען... און ער... ווער ווייסט... וואָס איז מיט אים... וואָס דאַרטן טוט זיך האָספּאָדי... האָספּאָדי... שוין גענוג סטערּאַ, אַלץ באַגאָסן.

זי האָט אַוועקגעשטעלט דעם קרוג און אסתר מיטן עמער וואַסער איז איר נאָכגעגאַנגען.

אין שטוב איז שוין געווען פֿינצטער. אַגאַפּיע איז אַרויף אויפֿן אויוון. לאַנג האָט אסתר געהערט זי קרעכצן און רעדן צו זיך אַליין.

פֿאַרטאָג האָט דער בריגאַדיר געקלאַפּט ביי די שכנים.

— באביאָשקעס! — האָט ער גערופן — קומט מומינקעס, מאַמעלעך גע־טרייע, מען מוז אויפקלייבן דאָס ברויט פון סטעפּ. ווער וועט עס טאָן? נישטאָ זיך אויף וועמען צו פאַרלאָזן. אונדזערע מענער און זין זענען אויף די פראָנטן! שלאָפט נישט! איצט איז נישט די צייט דערפאַר. קומט צונויפנעמען דאָס ברויט פון די פעלדער!

אסתר איז אַראָפּ פון געלעגער און געמאַכט זיך גרייט אַרויסצוגיין צו דער אַרבעט. דערזען, אַז די זון שטייט שוין גאָר הויך, האָט זי אָנגעהויבן איילן. אַריינגעקומען אין קיך האָט זי שוין געטראָפן אַגאַפּיען. אָנגעטאָן צום אַוועקגיין, מיט אַ שטיקל ברויט אין האַנט, האָט זי ווי אַ צעטומלטע געדרייט זיך איבער דער קיך.

— מומינקע אַגאַפּיע, וואָס זוכסטו? דאַרפסט אַ טאָרבעלע?

אַגאַפּיע האָט אויפגעציטערט, זיך אָפּגעשטעלט, זיך עפּעס דערמאָנט.

— ניין, סטעראָ, נישט נייטיק. איך דאַרף נישט. געבליבן דאָרט נאַדזשקעס.

זיי זענען ביידע אַרויס. אסתר האָט זיך פאַרנומען מיטן וועג צום „זאַגאָט־זיערנאָ“. זי האָט געזען ווי אַגאַפּיע האָט אָנגעיאָגט די טיעלעגע, וואָס האָט גע־פירט די ווייבער צו דער אַרבעט. אָן אַ וואָרט, שווייגנדיק, האָבן זיי זיך אָפּ־גערוקט און געמאַכט פאַר איר אַן אָרט. דאָס פערד איז אַרויף אויפן וועג צו דער באַזע.

אַגאַפּיע איז אַוועקגעפאָרן אַרבעטן און שלאָפן אין סטעפּ.

## קאַפּיטל XVIII

קאַטקע איז מיט אַ פּאָר יאָר עלטער, דאָך איז זי איטעלעס אַ גוטע חברטע. לעצטנס טרעפן זיי זיך זעלטן. פריִער, ווען זי האָט געוווינט מיט איר באָבען, האָבן ביידע קינדער אַ סך זיך געשפּילט צוזאַמען. דער באָבעס כאַטקע איז נישט ווייט פון אַגאַפּיעס, איבערן גאָרטן.

אין דעם גאָרטן, פלעגן זיי צוזאַמען שפּילן אין יאָגעניש, כאַפּן פלאַטער־לעך, באַהאַלטן זיך אין קאַרטאָפלאַניק. קאטקע קען אַזוי קונציק זיך באַהאַלטן.

ווינטער האָט שטענדיק אַ שמאָל סטיעזשקעלע געפירט דורכן פאַרשנייטן גאָרטן, פון איטעלען צו קאַטקען. ביידע קינדער פלעגן זיצן מיט דער אַל־טישקער גאַנצע אָוונטן. אין כאַטקע איז געווען קאַלט, אויף דעם קורניקל פלעגט מען אָנצינדן שפּעט, בלויז צום לייגן זיך שלאָפן.

דער גרויסער ליימענער אויוון האָט פאַרנומען אַ האַלבע שטוב. די שוואַרצקייט פון איבער אים פלעגט זיך אַרויסשאַרן איבער די ווענט, צוקר־מען צו די שייבלעך, און זיך צונויפגיסן מיט די שאָטנס, וואָס זענען שוין גע־לעגן אויף די גערטנער און הויפן. אַז ס׳איז געוואָרן פינצטער האָבן די קינדער זיך נענטער געטוליעט צו זיך. זיי זענען געזעסן אויף דער גרויסער באַנק נעבן טיש, אַנטקעגנאיבער איז געזעסן די באַבושקעביים שפּין־ראָד, געצויגן דאָס וואָל און דערציילט מעשיות:

פון אַ מיידעלע, וואָס האָט זיך שטענדיק געלייגט ביים ברעג בעט און נישט געוואָלט איינשלאָפן, איז געקומען אַ וואָלף און זי פאַרשלעפּט ווייט אין סטעפּ אַריין. זינגען מאַמעס זייערע קינדער, פון דאַן אָן, ביים שלאָפן גיין:

„באַיושקי, באַיו, באַיו.
לייג זיך גיכער, דעק זיך צו,
ווייל אַ סערער וואָלף אָט גייט.
כאַפּט אָוועק דיך אָן אַ זייט
און פאַרטראָגט דיך ווייט, העט ווייט...״

איטעלע האָט געמרוזשעט די גרויסע, שוואַרצע אויגן, געקנייטשט דאָס נעזל און געקוקט דער אַלטיטשקער אין מויל אַריין. נאָכבאַוועגט מיט די ליפּעלעך פּונקט ווי זי.

קאַטקע האָט מיט איין הענטל אַרומגענומען איר חברטע. אויף איר קליין פּנימל פֿלעגן אַרויסשלאָגן רויטע פֿלעקן.

— באַבושקאַ ראַדניאַ, אַ פֿריילעכע מעשה דערצייל — האָט זי זיך געבעטן, אַ פֿאַרגאַפּטע.

האָט די באָבע דערציילט אַ פֿריילעכע מעשה:

— צוויי שטאַרקע, גרויסע גזלנים, מיט לאַנגע, שוואַרצע בערד, זענען אַמאָל געקומען פֿון וואַלד. מיט גוואַלד זיך געוואָלט אַריינרייסן אין אַן אָרעם שטיבעלע...

די קינדער האָבן זיך נאָך נענטער געטוליעט איינס צום אַנדערן. געשראָקן זיך אָפּצוקערן די אייגעלעך פֿון דער באָבען. זי האָט זיי נישט געזען. געצויגן דאָס וואָל און גערעדט:

— אין דעם שטיבעלע האָבן געוווינט, אַן אַלטע באָבע מיט אַן אָרעם יתומהלע. איר מאַמע איז שוין לאַנג געווען געשטאָרבן.

— ווי איך מיט דיר, באַבושקע — האָט קאַטקע געפּליסטערט.

— יאָ מיין קינד. האָבן די גזלנים געריסן די טיר. דאָס יתומהלע האָט געוויינט. די באָבע האָט זיך געבעטן: „גוטע גזלנים, האָט רחמנות, גייט אייך אַוועק פֿון דאַנען. גייט צוריק אין ווילדן וואַלד אַריין". זיי אָבער האָבן זיך גאָר נישט צוגעהערט צו איר געבעט, נישט צו דער מיידעלעס געוויין. געזעצט מיט די שטאַרקע פֿויסטן. געקלאַפּט און געקלאַפּט, אויפֿגעבראָכן די טיר... אַריינגעריסן זיך אין שטיבעלע. איבערגעלאָזן אַ זאַק מיט גאָלד און אַנטלאָפֿן צוריק איבער פּוסטע פֿעלדער, איבער וויסטע וועגן. צוריק אין ווילדן וואַלד אַריין.

די באָבע האָט גערעדט וואָס ווייטער לאַנגזאַמער, שוואַכער, ביז זי האָט איינגעדרעמלט. איז געוואָרן שטיל. קאַטקע איז די ערשטע געקומען צו זיך:

— דאָס איז שוין אַ פֿריילעכערע מעשה, אַ יאָ, איטעטשקאַ?

— יאָ — האָט איטעלע געענטפֿערט און אַ דערשראָקענע געקוקט צום ווינקל, ביי דער טיר, וווּ עס איז געשטאַנען דער זאַק מיט די קיזיאַקעס.

די באַבושקאַ איז שוין מער נישטאָ. זי איז געשטאָרבן.

קאַטקעס טאַטע האָט די פֿענצטערלעך פֿון כאַטקע פֿאַרקלאַפּט מיט ברעטלעך, אַז קיינער זאָל נישט אַרויסגנבענען די שייבלעך און קאַטקען האָט ער צוגענומען צו זיך. זי וווינט איצטער ווייט, ביים אָנהייב פֿון טראַקט, צוזאַמען מיט איר שטיפֿמאַמע און זייער קליינער מאַנקעלען. דער טאַטע איז אַוועק אויפֿן פֿראָנט.

איידער מען האָט אים מאָביליזירט, פלעגט זי נאָך אַ מאָל קומען מיט מאַנ־קעלען אויף די הענט. זיי פלעגן דער קליינער אַוועקזעצן אין ראָזאָרע און זיך לאָזן לויפן מיט דער מעזשע, ווייט, ווייט ביז דער באָבעס כאַטקע.

דורך די שפּאַרונעס, צווישן די ברעטלעך, האָבן זיי נישט איין מאָל געזען דער באַבושקעס שפּין־ראָד איז נאָך אַלץ געשטאַנען אין מיטן שטוב, אַזוי ווי זי האָט איבערגעלאָזט. די שפּין־ראָד אַליין. מער איז דאָרט קיינער נישט גע־ווען... דאָס אָבער ביי טאָג... ביי נאַכט איז עס זיכער געווען אַנדערש...

פון דאָרטן צוריק זענען זיי שוין נישט געלאָפן. אַן אומעטיקע האָט קאַט־קע שטילערהייט דערציילט:

— דו הערסט, איטעטשקאַ, ווען מיין גוטע באַבושקע זאָל וויסן ווי שלעכט מיר איז ביי מיין טיאָטקע, וואָלט זי געקומען ביי נאַכט און מיך צוגענומען צו זיך. דערפאַר ווייז איך קיין מאָל נישט. איך האָב מורא זי וועט דערהערן. איך שרעק זיך אַזוי שטאַרק פאַרן גיין צו דער באַבושקע.

עס איז געווען שטיל. אויפן דערביי־קן גאָרטן איז געלעגן טימאָפעיעווע אויף אַ בייט. זי האָט געיאָטן די מערעלעך, וואָס איז געווען באַהאַלטן צווישן הויכן קאַרטאָפליאַניק. אין דאָרף האָט מען גוט געוווסט, אַז דאָרטן וואַקסן אוגערקעס אויך. זי אָבער איז געקראָכן אויף אַלע פיר. געוואָלט, אַז קיינער זאָל נישט וויסן וווּ דער בייט ליגט.

— אַ קיש! אַ קיש פּראַקלאַטיע! — האָט פלוצים ביעלאַגלאַזעוועס קול זיך צעטראָגן איבער די גערטנער. נאָך דעם האָט מען דערהערט אַ פּאַדיען פון עופות. זיי זענען געלאָפן דערשראָקענע, צווישן די קוסטעס. שטיינער האָבן זיי נאָכגעיאָגט און זיי אַרויסגעטריבן פון זייערע באַהעלטענישן. האָבן זיי זיך ווידער באַוויזן, געפּאַטשט מיט די צעפּלאָשעטע פליגלען, איבערגעשפּרונגען דעם פלויט. און ביעלאַגלאַזאָווע האָט זיך באַרויקט.

ערשט האָט זיך טימאָפעיעווע אַ ריס געטאָן פון אָרט אָבער באַלד צו־ריקגעפאַלן. נישט געקענט זיך האַלטן אויף די פיס. זיי זענען איר איינגע־שלאָפן. הינקענדיק האָט זי זיך געלאָזט לויפן און געוואָרפן שטיקער בלאָטע.

— אַ קיש! אַ קיש! צוגענאַדיעט זיך!

די הינער האָבן זיך געפּרוווט פאַרטאַיען אין קאַרטאָפלאַניק. אָבער גע־טראָפן פון די שטיקער בלאָטע ווידער געשפּרונגען אויפן פלויט.

זיי זענען געפלויגן הין און צוריק, אַרויף און אַראָפּ. געטריבן פוןביידע זייטן, ביז זיי זענען ערגעץ פאַרלאָפן אויף אַ גאָרטן, וווּ קיינער איז נישט גע־ווען. איז שטיל געוואָרן.

— דאָס איז נישט קיין געלעכטער — האָט קאַטקע זיך אָנגערופן — איך ווייס אַ מעשה פון אַ הון, וואָס מען האָט אַמאָל געוואָלט דערהרגענען אויף אַ

„פראַזניק“. מען האָט זי שוין געהאַט אָוועקגעלייגט אויף אַ קלעצל, האָט זי אַ פּאַטש געטאָן מיט די פליגלען און אַנטלאָפן פון אונטער דער האַק. זי איז געפלויגן ווי אַ פויגל און שוין פון ווייטן זיך צעלאַכט ווי אַ מענטש.

אַזעלכע מעשיות האָט קאַטקע געהאַט. זי פלעגט עס דערציילן שטיל און צעצויגן, אַזוי ווי אַמאָל איר באַבושקע. פון הינער, וואָס האַווקען ווי הינט, קרייען ווי העגער. דאָס זענען נישט קיין הינער, האָט זי געזאָגט, דאָס זענען טשאָרטן.

קאַטקע האָט זייער ליב געהאַט צו דערציילן פון איר טאַטן. ווי ער פירט דעם טראַקטאָר, ווי פריילעך איר איז, ווען ער קומט אַהיים פון בריגאַדע. ווי ליב זי האָט צו קוקן ווי ער שפּילט זיך מיט דער קליינער מאַנקעלען. ווען דער טאַטע קומט איז די טיאָטקע אויך אין גאַנצן אַנדערש צו איר. כמעט אַ גוטע.

שוין לאַנג אָבער, אַז די קינדער טרעפן זיך נישט. זייט קאַטקעס טאַטע איז אויפן פראָנט, קומט זי נישט מער.

איטעלע געדענקט גוט דעם טאָג, ווען ער איז מאָביליזירט געוואָרן. זי האָט דאַן איר חברטע צום ערשטן מאָל געהערט וויינען.

קאַטקע איז געזעסן אין בריגאַדירס בריטשקע, ביים טאַטן אויפן שויס. הינטער זיי — די שטיפמאַמע מיט מאַנקעלען אויף די הענט. קאַטקע האָט דאַן נישט מורא געהאַט פאַר דער טויטער באַבושקע און געשריגן, אַז מען האָט זי געהערט אויף דער צווייטער גאַס.

דער טאַטע האָט זי געטוליעט צו זיך, נאָכאַנאַנד זי באַרויִקט, פאַרזיכערט, אַז ער וועט געוויס צוריקקומען.

איטעלע איז דאַן געשטאַנען נעבן איר שטוב, ביים וועג. געזען זי אַזוי וויינען און זיך אויך צעוויינט. זי איז איר אָבער מקנא געווען.

אין אָוונט, ווען אסתר איז געקומען פון „זאגאט־זיערנאָ“ האָט זי זיך ערשט אויף ס'ניי צעוויינט. דערציילט, אַז קאַטקעס טאַטע האָט געזאָגט, ער וועט זיכער צוריקקומען.

— ווען וועט שוין אויך מיין טאַטאַ קומען? — האָט דאָס קינד נישט אָפּגעלאָזט דער מאַמען. שפּעטער, ביי נאַכט נישט געקענט איינשלאָפן. איר האָט זיך געדוכט, אַז אויך די מאַמע וויינט...

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט זיך איטעלע שפּעט אויפגעוועקט. די זון האָט שוין געשיינט אין דעם דריטן פענצטער.

זי האָט זיך דערמאָנט, אַז נאָך נעכטן האָט די מאַמע איר געבעטן אָנקלייבן שפּענדלעך, מען זאָל האָבן אויף וואָס אָפּצוקאָכן עסן. זי איז אַרויס אין דרויסן.

די לאַנגע גאַס איז געווען ליידיק. אויף דער ערד, נעבן וואַנט, אונטער דעם איינגעפאַלענעם פענצטערל, איז זינקע געזעסן און געגראַבלט מיט אַ שערבל אין זאַמד.

זייט קאַטקע קומט נישט שפּילט זיך איטעלע מיט איר. זי איז מאַרוסיע דער ביעזשענקעס. שטענדיק וויל זי עסן. אַ קאָפּ האָט זי אַ נישט געוויינלעך לאַנגן, ווי אַ קריגעלע. מיט צוויי גלאַנצנדיקע אויגן וואָס זיצן נישט אין קיין אויגן־לעכלעך, נאָר שפּאַרן אַרויס פון איר פלאַטשיקן פּנים. שטענדיק זעט זי אויס בייז.

— זינקע! — האָט איטעלע אויסגערופן — קום מיט מיר!

— וואָהין?

— קלייבן שפּענדלעך!

— אויסגעשלאָפן זיך, — האָט זינקע געזאָגט מיט רוגזה — דאָ איז שוין גאָר נישטאָ. איך האָב אַלע אויפגעקליבן.

— וועל איך מיר גיין צו דער אָזיערע, ביי די פּלויטן, נעבן דעם קרויט.

— איך גיי נישט!

— פאַר וואָס?

— איך דאַרף היטן דעם גאָרטן. דער קאַזאַכקעס טעליצע קען אַריינקריכן. איך קען נישט גיין — האָט זינקע גערעדט ערנסט און זשעסטיקולירט מיט די הענט אַזוי ווי איר מאַמע — איך קען נישט! אונדזער כאַזייקע אַרבעט אין סטעפּ. ווו אונדזערע קאַרטאָפּליעס וואַקסן, ביים סוף פון גאָרטן, איז דער גאַנצער פּלויט צעבראָכן. די מאַמע האָט מיר אָנגעזאָגט איך זאָל נישט אַוועק־גיין פון שטוב, זיך נישט פאַרלאָזן אויף דער באַבושקע, ווייל זי דאַרף שוין שטאַרבן.

— זי איז קראַנק? — האָט זיך איטעלע געפרעגט אַ באַזאָרגטע.

— ניין. בלויז אַלט און הונגעריק. חוץ דעם הוסט זי.

איטעלע איז געשטאַנען און געקוקט אויף זינקען ווי זי וואָלט גאָר נישט פאַרשטאַנען. האָט זינקע אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אַנטלאָפן.

— איך גיי קלייבן „בזניק“ — האָט זי געשריִען פון וייטן — די באַבושקע האָט געזאָגט, אַז אויב איך וועל אָנקלייבן בזניק, וועט זי מיר געבן מילך. ביעלאַגלאַזאָווע וועט איר ברענגען, זי שפּינט פאַר איר וואָל.

זי איז פאַרשוווּנדן הינטערן גאָרטן.

צוריק אין שטוב איז איטעלע געקומען אַ צופרידענע, אַ סך העלצלעך האָט זי אָנגעקליבן. פאַר פרייד איז איר איינגעפאַלן צוצוגרייטן קאַרטאָפּל. די מאַמע וועט קומען און זען, אַז זי איז שוין אין גאַנצן אַ גרויסע, קען שוין אַליין שיילן.

ביים שיילן האָבן די גרויסע קאַרטאָפל זיך קוים איינגעהאַלטן אין איר הענטל, זי האָט שוין געהאַט איינע אָפּגעשיילט, האָט זי זיך אַרויסגע־גליטשט און אַוועקגעקייקלט איבער דער פּאָדלאָגע, אַזש ביזן פענצטער. בעתן אויפהייבן איר האָט זי דערזען איר חברטע דורכגיין.

— קאַטקע! — האָט איטעלע אויסגעשריִען אַ דערפרייטע און אַרויסגע־לאָפן צום וועג.

מיט דער קליינער מאַנקעלען אויף די הענט איז קאַטקע שנעל ערגעץ געגאַנגען.

— קאַטיאַ! קאַטינקאַ! — איז איטעלע איר נאָכגעלאָפן.

זי האָט זיך אָבער נישט אומגעדרייט, נישט געענטפערט. איז איטעלע אַן אַנטוישטע געגאַנגען צוריק. אויפגעהויבן די קאַרטאָפל און ווידער געזעצט זיך שיילן. זי איז געוואָרן אומעטיק. אָבער באַלד זיך געטרייסט דערמיט וואָס די מאַמע וועט באַלד קומען און זי טרעפן ביי דער אַרבעט, טאַקע אין גאַנצן ווי אַ גרויסע.

אָט, האָט זי דערהערט טריט. דאָס גייט שוין די מאַמע, האָט זי אַ טראַכט געטאָן.

— קאַטינקאַ! — איז די קליינע אויפגעשפּרונגען. — איך האָב געמיינט, אַז מיין מאַמע גייט. איך האָב דיך געזען אַוועקגיין, זיך געיאָגט נאָך דיר.

קאַטקע האָט נישט געקוקט אויף איר. זי האָט אויסגעזען רויט, פאַר־שוויצט. איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און געבליבן שטיין מיט דער פּלייצע צו איטעלען. אירע אַקסעלעך האָבן זיך געהויבן.

— קאַטינקאַ, דו וויינסט?

זי האָט אַוועקגעזעצט דער קליינער מאַנקעלען אויף דער ערד, פאַרשטעלט דאָס פּנימל מיט די הענט און געבליבן שטיל מיט אַ פאַרהאַקטן אָטעם. די קליינע מאַנקעלע האָט זיך הויך צעשריִען און מיט די הענטלעך געצויגן צו איר.

זי האָט ווידער גענומען די קליינע אויף די הענט און נישט קוקנדיק אויף קיינעם זיך צעהעשעט:

— שוין... ער וועט שוין נישט קומען... טאַטולו... טאַטולו!...

— קאַטינקע, וואָס וויינסטו? פאַר וואָס וועט ער נישט קומען?

— ווייל... ווייל ער איז געבליבן דאָרטן... ווייל ער איז אַ העלד... געפאַלן... „געפאַלן אויפן פראָנט, פאַר דער ראָדינע“ — האָט מיר געזאָגט דער פּרעד־סידאַטעל... און ער... דער טאַטעלע האָט געזאָגט אַז ער וועט קומען... ליבינ־קער... טאַטולו מיינער...

זי איז צוגעפאַלן צו דער וואַנט. איר הערצל האָט זיך געהויבן. די אַקסלע־לעך האָבן געצוקט און געכליפּעט האָט זי שטיל, קוים צו דערהערן.

איטעלע איז געגאַנגען נעבן איר און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. זי האָט זי געגלעט, אָנגענומען ביי דער האַנט. קאַטקע האָט איר אָבער אָפּגעשטופּט, אַרויסגעלאָפן און שטאַרק פאַרהאַקט נאָך זיך די טיר. אַ ווײַלע איז איטעלע געשטאַנען און באַלד אַרויסגעלאָפן נאָך איר. מען האָט זי אָבער אויפן וועג שוין נישט געזען. זי איז אַוועק צו איר אַהיים. אויך דאָרט האָט זי קיינעם נישט געטראָפן. איז איטעלע געלאָפן צוריק מיט דער מעזשע אַוועק זי זוכן.

— קאַטינקאַ! קאַטיאַ! ווּ ביסטו?

קיינער האָט נישט געענטפערט. זי האָט איר אָבער באַמערקט פון ווייטן. נעבן דער באַבושקעס כאַטע. אויף דער ערד איז זי געזעסן, מיטן קאָפּ אויף די קני, פאַרשטעלט די אויגן מיט די הענט. מאַנקעלע אויף איר שויס, האָט זיך געשפּילט מיט דער רויטער לענטע אין איר צעפּל. איטעלע האָט זיך אַראָפּגעזעצט נעבן זיי.

— וויין נישט, קאַטינקאַ, וויין נישט.

זי האָט זיך אָבער אַפילו נישט אומגעקוקט אויף איר.

— קאַטיושינקאַ, טייערע, הער דאָך אויף. אָט איז מיין טאַטע אויך נישט צוריקגעקומען... — האָט איטעלע גערעדט אַ צעקלעמטע — מיין מאַמע דערציילט, אַז ער איז אויך אַ גוטער... ער האָט זיך געשפּילט מיט מיר, ווי דיין טאַטע מיט מאַנקעלען.

קאַטקע האָט פּלוצלונג אויפגעהויבן איר דורכגעווייקט פּנימל און זי אָנגעקוקט.

— ווייסט... ווייסט וואָס, קאַטינקאַ — האָט איטעלע געזוכט וואָס צו זאָגן

— דער דיעדושקאַ גאַווּרילע זאָגט אַז... אַז מיין טאַטעלע וועט שוין אויך נישט קומען... פון לאַגער, זאָגט ער, קומט מען נישט...

איטעלען האָט געקלעמט דאָס הערצל. זי האָט זיך געשטשימעט נישט צו וויינען, אָבער אירע אייגעלעך זענען פול געוואָרן.

— הער, קאַטינקע, איך גלייב אים נישט, דעם דיעדושקאַ... מיין טאַטעלע וועט קומען... יאָ, ער וועט קומען? — האָט זי שוין הויך געוויינט — אויך דיינער וועט קומען, וועסט זען... איך האָב אַליין געהערט... ער האָט דיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט קומען צו דיר...

קאַטקע האָט זי אָנגעקוקט, ווי זי וואָלט איטעלען צום ערשטן מאָל דערזען. לאַנגזאַם אַריבערגעפירט איר בליק אויף מאַנקעלען, פאַרשטעלט מיט די הענטלעך אירע אויגן און זיך צעכליפּעט, ווי זי וואָלט אָנגעהויבן פון אָנהייב.

# קאַפּיטל XIX

קאַלטע ווינטן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פון סטעפּ מיט אַ געוואָי פון הונ־געריקע וועלף, געיאָגט איבערן דאָרף, געוואָרפן די פלויטן, געקלאַפּט אין די טויערן, געריסן דעם שטרוי פון די דעכער און מיט אַ הוזשעריי געדרייט זיי אין דער לופטן.

ביי די ברעגן פון די בלאָטיקע וועגן האָבן פאַרשפּעטיקטע גרעזעלעך, נאָך גאָר יונגיטשקע, געטוליעט זיך צו די איינגעפאַלענע פּלויטן. זיי האָבן גע־ציטערט, געקאָרטשעט זיך און איינגעגאַנגען.

הינטער די פּלויטן האָבן זיך געצויגן נאַקעטע גערטנער, אָן אַ סימן פון לעבן, גאָר נישט צו דערקענען, אַז אָט נישט לאַנג האָבן זיי געגרינט.

צעגראָבענע, שוואַרצע, זענען זיי געלעגן אויף הפקר. איצט האָט דאָרט באַלעבאַטעוועט דער ווינט. ער האָט געטרייסלט מיט די רעשטן פון די פּלויטן, געקליבן ווו אַ טרוקן בלעטל, אַ שטרוי, געדרייט עס אויפן מיטן גאָרטן, זיי געהויבן אין דער לופטן מיט אַ רעש.

אסתר איז געגאַנגען פון דער אַרבעט. זי האָט באַמערקט אַז ביי אַנגען אויפן גאָרטן האָט זיך נאָך גערודערט. אַננע האָט אַ פאַרשפּעטיקטע אין איי־לעניש געשלעפּט עמערס קאַרטאָפל צום קעלער. אירע קינדער זענען אומצו־פרידענע נאָכגעקראָכן נאָך איר, געצויגן ביים קלייד און געשריִען אָן איבעררייס:

— עסן! עסן! עסן!

באַלד, קינדער, באַלד. מען עסט באַלד וויעטשערע. עס איז נאָך נישט נאַכט.

אויף דער ערד איז געלעגן אַ קופּע קאַרטאָפל, נעבן איר, נישט וויַיט, איז געשטאַנען דער אַלטער פּאַפּאָוו, די פּופּייקע אויף אים צעשפּיליעט, די פּאָ־לעס צעטריבן פון ווינט, דאָס היטל אַרויפגעזעצט טיף אויפן קאָפּ. האָט ער אויסגעזען ווי אַ פאַרגעסענע סטראַשידלע אויפן ליידיקן גאָרטן. ער האָט אויס־געדרייט דעם קאָפּ צו אַננען. דער ווינט האָט פאַרשמיסן אָן אַ זייט זיין באָרד צוזאַמען מיט זיינע געשרייען:

— אומזיסטע פּרעסערס, וואָס איר זענט, שוין עסן? גייט העלפן קלייבן די קאַרטאָפל, עס ווערט שפּעט.

ער האָט זיך פאַרקוקט אין די לויפנדיקע וואָלקנס און גערעדט צו זיך.

— אוהאַ, אוהאַ, אַזאַ ווינט. נאָך דעם ווינט קומט דער שניי. דער ווינטער איז שוין דאָ.

אַננע איז געלאָפן צוריק מיט די ליידיקע עמערס און אויפן וועג איינגעטענהט מיט די קינדער:

— מען מוז פריִער אויפקלייבן די קאַרטאָפל, מען מוז עס באַהאַלטן עס זאָל נישט פאַרפרוירן ווערן. באַלד, באַלד עסט מען.

איר קליינע מאַנקעלע האָט זיך אַרויסגעבויגן דורך אַן אויסגעבראָכענער שויב און געררופן:

— מאַמאַ, איך בין הונגעריק!

דער ווינט האָט אויפגעכאַפּט איר קול, עס צעברעקלט, צעטראָגן אין דער לופטן. די מאַמע פון גאָרטן האָט צוריקגעשריִען:

— עס קאָכט זיך!

מאַנקעלע האָט שוין וועגן ענטפער נישט געטראַכט, איר איז געפעלן געוואָרן די שפּיל מיטן ווינט. זי האָט באַהאַלטן דאָס קעפל הינטער דער גאַנצער שויב, אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און צוריק זיך אַרויסגערוקט מיט געשריי:

— איך בין הונגעריק... הו...הו...הונ...גע...ריק...

אסתר האָט געזען דאָס קינד אין דער צעבראָכענער שויב. איבערן דעכל פון איינגעבויגענעם קוימען האָט זי טאַקע באַמערקט אַ רויך.

עס קאָכט זיך, האָט זי געטראַכט.

זי האָט די לעצטע פּאָר קאַרטאָפל אָפּגעקאָכט נעכטן. איצט ווערט שוין ווינטער. די קאָלכאָזניקעס באַהאַלטן די קאַרטאָפל, פאַרשיטן זיי אין די גריבער.

אַ סך קוימענס האָבן גערויכערט. דער ווינט האָט די רויכן אונטערגעכאַפּט און צעבלאָזן אין דער לופטן. אין די אויוונס איז דאָס פייער פריילעך, האָט זי געטראַכט, דאָרטן קאָכט מען קאַרטאָפל, ווער אַ זופּ.

דער ווינט האָט איר אונטערגעטריבן. איר נאָכגעיאָגט מאַנקעלעס קול: איך בין הונגעריק... הונגעריק...

אסתר איז געקומען אַהיים. אין שטוב איז געשטאַנען אַ קעלט. די קאַץ איז אַרומגעקראָכן איבערן טיש, איבער די בענק, געשמעקט אין די ליידיקע טעפּלעך, אויסגעדרייט אַ פּאָר קעציש־בעטנדיקע אויגן, אומגעקראָכן אויפן קאַלטן אויוון און געזוכט אַ וואַרעם אָרט.

די שייבלעך האָבן געציטערט, געטרייסלט פאַר קעלט. אין קוימען האָט אַן אויפהער געדרייט דער ווינט. עס האָט איר געהויבן פון אָרט. „מען פאַר־

שיט די קאַרטאָפל״. „נאָך דעם ווינט קומט דער שניי״. „דער ווינטער איז שוין דאָ״...

זי איז צוגעגאַנגען צו אַן אַלט, אָפּגעריבן וואַליזקעלע און פון דאָרטן אַרויסגענומען מנחמס לעצטע העמד. לאַנג איז זי געשטאַנען אַ פאַרטראַכטע נעבן איר און געקוקט.

שוין יאָרן אַוועק, און זי האָט אַלץ געהאָפט, אַז ער וועט קומען דאָ אַהער. ער וועט קומען גלייך פון זיין פאַרשיקונג אַ שמוציקער, אַן אָפּגעריסענער ווי אַלע לאַגערניקעס. וועט ער אָנטאָן זיין אייגן העמד און זיך לייגן אָפּרוען. פריי זיך לייגן, דעם ערשטן מאָל נאָך אַזוי פיל יאָרן לאַגער. זיין וועט ער מיד. זייער מיד. וועט זי זיצן און קוקן ווי ער שלאָפט. אין שטילקייט פון איר טראַכטן פלעגט געשען, זי זאָל דערהערן זיין אָטעם.

האָט זי איצטער געקוקט אויף דעם העמד. דער ווינט האָט געפייפט אין דרויסן, געבלאָזן פון יעדן ווינקל. פון אויוון האָט אַ שפּרונג געטאָן די קאַץ, זיך געשאַרט צו אירע פיס, געקלעפּט צו זיי און געזוכט אַ ביסל וואַרעמקייט.

פּאַמעלעך האָט זי דאָס העמד צוזאַמענגעלייגט. זי וועט בעטן פאַר איר אַ האַלבן פוד קאַרטאָפל.

אסתר איז אַוועק צו טאַטיאַנען. שוין וויפל מאָל האָט טאַטיאַנע געקויפט פאַר איר זון אַנדריי פון די זאַכן, וואָס אסתר האָט געבראַכט פאַרן מאַן.

טאַטיאַנע איז זייער דאַנקבאַר געווען, וואָס זי פאַרקויפט איר די זאַכן. פלעגט איר שטענדיק געבן נאָך אַ טעפל קאַרטאָפל, צוגיסן אַ ביסל מילך און זי טרייסטן:

— קלעם זיך נישט, סטעראַ, זאָל ער נאָר קומען דיין מאַן. איך ווינטש דיר זאָלסט האָבן די זאָרג פון קריגן זאַכן פאַר אים.

אסתר פלעגט אויף איר קוקן אַ דערשראָקענע און אַוועקגיין אַן אַנטשוויגענע. איצט, ווען זי איז געגאַנגען מיט דעם העמד אונטערן אָרעם און דער ווינט האָט איר געפּאַטשט אין פּנים, האָט זי זיך דערפילט שפּלדיק מיט איר סחורה. פאַר די יאָרן, וואָס אסתר האָט געוואַרעמט אין זיך דעם סוד פון דער לעצטער זאַך מנחמס, וואָס זי האָט קיינעם נישט געוואָלט פאַרקויפן, האָט דאָס העמד פאַרלוירן די ווייסקייט, געל געוואָרן.

— און וואָס איז דער ווונדער? עס איז דען ניי? וויפל מאָל האָט שוין מנחם ביי דער אַרבעט דורכגענעצט דאָס העמד אויף נאַס? און וויפל מאָל האָט זי עס שוין געוואַשן?

דאָס טראַכטן קילט איר פון אינעווייניק די ביינער. אַ לערקייט האָט זיך פאַרקליבן אין האַרץ, אין מוח און פון דאָרט אַרויסגעטריבן יעדעס ביסל וואַרעמקייט. פּוסט. גאָר נישט קען זי מער טראַכטן. זי קען אַפילו בשום אופן

נישט אָפּשטימען וויפל צו בעטן פאַר דעם העמד. וואָרעם וועלכער נאַר וועט עס וועלן געבן דערפאַר אַ האַלבן פוד קאַרטאָפל? עס איז טאַקע נישט ווערט. איז וויפל בעטן?

אסתר גייט און חשבונט. זי פילט שוין נישט ווי דער ווינט פּאַטשט אין פּנים. זי הערט נאָר ווי ער וויינט. ער רייסט דעם שטרוי פון די דעכער, מיט אַ יאָמער זואַרפט ער זיך אונטן אין די יונג־שטאַרבנדיקע גרעזלעך, און פון זיי הייבט ער זיך אויף מיט אַ געוויין, טראָגט זיך אַוועק הויך צום הימל ביז די שווערע, שווימענדיקע וואָלקנס.

צוגעקומען צו טאַטיאַנען, אַן עפן געטאָן די טיר, האָט אַ וואָרעמקייט אַ שלאָג געטאָן אויף אסתרן. עס האָט דאָרט געשמעקט מיט ברויט, מיט פרישע מילך. באַלד אָבער האָט זי דערפילט, אַז זי האָט היינט שלעכט געטראָפן. דער אַלטער, שטענדיק אַזוי גוטער דיעדושקע, איז געזעסן אויפן אויוון. זיינע פיס זענען אים אַראָפּגעהאָנגען גלייך און לאַנג. זיין פלאַקסענע באָרד האָט ברוגז געצויגן אַראָפּ און זיינע אויגן האָבן געקוקט מיט אומבאַהאָלפענעם, קינדישן צער. מיט אַ באַוועגונג האָט ער אסתרן אָנגעוויזן אויפן צווייטן צימער. זי איז געגאַנגען נישט זיכער, אויף די שפּיצן פינגער. געעפנט די טיר און גע־בליבן שטיין.

טאַטיאַנע האָט איר באַגעגענט אַ צעפּלאַמטע, די זאכן אויף איר צע־קנייטשט. אין איין האַנט אַ פלעשל, אין דער צווייטער אַ גלעזל, האָט זי גע־טאַנצט און צוגעזונגען:

האָפּ, האָפּ, האָפּ, האָפּ,<br>
מיין טייערע מאַרוכע,<br>
איך האָב שוין אַ צווייטע לאַנג —<br>
דו ביסט אַ סטאַרוכע....<br>
האָפּ, האָפּ, האָפּ.

אסתר האָט אין פאַרלעגנהייט געקוקט. טאַטיאַנע האָט שטיל און פאַר־שעמט ווייטער געזונגען. ווי עס וואָלט איר זיין אוממעגלעך איבערצורייסן, האָט זי געטופּעט מיט איין פוס אויפן זעלבן אָרט און באַוועגט מיט די ליפּן: האָפּ... האָפּ... האָפּ...

— טאַטיאַנע! — האָט אסתר איבערגעריסן.

טאַטיאַנע איז צו נאָענט צו איר, אָנגעגאָסן אַ גלעזל און הויך געבעטן:

— טרינק, סטעראַ, טרינק, טייבעלע מיינס, צו אַלדע שוואַרצע יאָר! ווילסט נישט? ניין? מסתמא האָסטו נעכטן נישט געטרונקען? דער אָבער וואָס האָט

געטרונקען נעכטן, מוז אויך היינט נעמען אַ ביסעלע, אויב נישט, איז אים ביטער און עס רייסט אים ביים גאָרגל!

מיט איין קער האָט זי אַראָפּגעשלונגען דעם בראָנפן. אסתר האָט אָנגעוויזן אויפן דיעדושקאַ. טאַטיאַנע האָט זיך עפּעס דערמאָנט. זיך צעוויינט, גענומען אסתרן ביי דער האַנט און אַוועקגעזעצט זי נעבן זיך אויפן בעט.

— ווייך נישט, טאַטיאַנע, וואָס איז געשען?

— סטעראַ, ביסטו געווען נעכטן אויפן „פּראַזניק״? געווען? אַ גרויסער יום־טוב געווען אין דאָרף. מען האָט געפייערט די באַפרייונג. נעכטן איז געווען דער יאָרצייט, ווען מען האָט פון דאַנען פּאַרטריבן די ווייסע, צו אַלדע שוואַרצע יאָר; מען האָט געטאַנצט, געזונגען, געטרונקען. עס איז געווען לעבעדיק, סטעראַ. ביסט אַריבערגעגאַנגען דעם בערגל מיטן סלופּעק, און זיך געשטעלט ווי אַלע? אַנטקעגן ראָמאַנאָוון? האָסט געהערט זיין רעדע? אַלע, אַלע זענען אַריבערגעגאַנגען. ער האָט גערעדט, מען האָט געפּאַטשט, געזונגען. איך איינע בין געבליבן ביים בערגל... איך קען אים נישט אַריבערגיין. איך קען נישט, טייבעלע מיינס. ווייל דאָרטן, אונטער דעם בערגל, ליגט מיין אַנדריי. ער האָט עס אָנגעפירט מיטן אויפשטאַנד דאָ אין דאָרף. ער האָט פּאַרטריבן די ווייסע פון דאַנען. פון דאַן אָן האַלט מען שטענדיק די רעדעס נעבן זיין קבר. קיינער דערמאָנט אים שוין נישט. קיינער געדענקט אַפילו נישט, אַז דאָ, אונטער דעם בערגל, ליגט מיין אַנדריי, אַנדרושעס טאַטע.

אסתר האָט מיט אומצוטרוי געקוקט אויף טאַטיאַנען, אויף דעם פלעשל, וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט.

— ווו איז ער, אַנדרושע? — האָט זי איבערגעריסן, מיט דער כוונה צו זאָגן טאַטיאַנען נאָך וואָס זי איז געקומען. טאַטיאַנע אָבער האָט נישט געהערט און ווייטער גערעדט:

— ווען מען האָט אים געכאַפּט און געפירט שיסן, בין איך אַלט געווען צוואַנציק יאָר. אַנדריושקאַ — דריי. איך בין געלעגן אויפן גאָרטן אין די קאַרטאָפליעס און געשריִען. אוי האָספּאָדי, האָספּאָדי, פאַר וואָס האָסטו נישט דערהערט? מען האָט אים דערשאָסן. נעכטן אין טאָג פון יאָרצייט, זענען אַלע אַריבער דעם בערגל. געשטעלט זיך אַנטקעגן דער טריבונע, געטאַנצט און געזונגען, געפּאַטשט און געשריִען הוראַ... צו אַלדע שוואַרצע יאָר. און איך בין געשטאַנען אַליין, אַליין נעבן בערגל אַ באַגאָסענע מיט טרערן. געוויינט נאָך מיין אַנדרייען. טייבעלע מיינס, צי קען איך עס דיר דערציילן? ווייסטו עס פאַרשטיין? צוואַנציק יאָר בין איך דאַן אַלט געווען, צוואַנציק. וואַנקע ביעלאָגלאַזאָוו האָט זיך געשלעפּט נאָך מיר, געבעטן זיך: טאַטיאַנע, לאָמיר חתונה האָבן.

איך האָב נישט געוואָלט, און אין מיר האָט אַלץ געקאָכט, געלעבט. אַ כוואַט־סקער יונג געווען דער וואַנקע, נישט אָפּגעלאָזט מיך אַ מינוט.

פון קיך האָט זיך דערטראָגן אַ זיפצן, אַ קרעכצן פון אַלטיטשקן. אסתר האָט זיך דערפילט נישט באַקוועם. זי האָט איר געוואָלט וואָס זאָגן, טאַטיאַנע אָבער האָט איר אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און זיך נישט געלאָזט איבעררייסן.

— הער, הער מיין טייערע. איך בין נישט שיכור. נעכטן געטרונקען, היינט נאָר גענומען אַ קאַפּעלע. מיין אַנדריושינקע איז שוין אַלט געווען אַ יאָר פינף. בין איך געקומען אַהיים און געזאָגט: אַנדריושקאַ, גאָלד, איך ברענג אַ טאַטן אין שטוב. דיינעם האָבן דערהרגעט די סוואָלאָטשעס, פאַרפאַלן.

ער האָט אָבער זיך צעשריִען, צעוויינט — „ניין, איך וויל נישט, ניין מאַמינקע, ברענג נישט!"

טאַטיאַנע האָט אָפּגעהאַקט דאָס רעדן. אַנטשוויגן געוואָרן, ווי זי וואָלט געענדיקט. אסתר האָט זיך צוגעהערט צו דער קיך. וואָס איז מיטן דיעדושקאַ? וואָס גייט ער טאָן?

שטיל און צעצויגן האָט טאַטיאַנע ווידער אָנגעהויבן דערציילן:

— זאָג איך אים: אַנדרושקאַ האַרץ, איך וועל ווערן אַלט און קראַנק, ווער וועט מיך צוזען?

— איך, מאַמע, איך — זאָגט ער און וויינט. — איך וועל אַרבעטן — זאָגט ער — איך וועל פאַרדינען אַ סך ברויט, נאָר ברענג נישט קיין פרעמדן טאַטן מאַמינקע, ברענג נישט!

עס האָט מיר פאַרשניטן ביים האַרץ און איך האָב אויך געוויינט. זיך גוט אויסגעוויינט. אין אָוונט געלייגט דאָס קינד שלאָפן און אַוועק הוליען. איך קום אַהיים, שפּעט שוין געווען. איך נעם זיך אויסטאָן, זע דער קליינער אַנדריושקע שלאָפט נישט. ליגט, די גרויסע אויגענעס אָפן, קוקט.

— שלאָפסט נישט, אַנדריושאַ?

— ניין — זאָגט ער — איך וואַרט אויף דער מאַמאַ.

— וואָס עפּעס וואַרטסטו? שטענדיק שלאָפסטו?

ער שווייגט.

איך בין אַריין אין בעט, אַז ער טוט מיך אַ כאַפּ אַרום מיט זיינע וואַרעמע הענטעלעך. טוליעט זיך צו מיר און בעט זיך:

— מאַמינקע טייערע, ברענג נישט קיין טאַטן אין שטוב, ברענג נישט!

— איך וועל נישט ברענגען — האָב איך געזאָגט.

אַנדריושינקע האָט זיך צוגעטוליעט צו מיר און איינגעשלאָפן.

טאַטיאַנע איז געבליבן זיצן מיט פאַרמאַכטע אויגן. אין גאַס האָט דער ווינט געקלאַפּט אין די נישט געעפנטע לאָדן. דאָס פאַרהענגל האָט געציטערט

אויף די טונקעלע שויבן. פֿון קיך איז דערגאַנגען אַ באַוועגן זיך. אסתר האָט אויפגעכאַפּט אַ שווער אָטעמען און ווידער איז שטיל געוואָרן. עס האָט זיך איר געדוכט, אַז עפּעס שווערס וועט באַלד אויסברעכן. טאַטיאַנע האָט איבערגע־ריסן דאָס שווייגן און הויך געזאָגט.

— נו, סטעראַ, איך האָב קיין טאָטן נישט געבראַכט, איך האָב צעטאַכלע־וועט, פֿאַרהוליעט אַ לעבן. צוואַנציק יאָר בין איך אַלט געווען. איצט בין איך פֿערציק. בין איך געכטן געשטאַנען ביי אַנדרייס קבר, געוויינט און געזען ווי אַלע פֿרייען זיך. איז צוגעקומען וואַנקע צו מיר, געווען שוין גוט אָנגע־טרונקען, האָט ער זיך שיכור צערעדט:

— מיין קליינע טאַטיאַנע, זאָגט ער, וואָס וויינסטו אַליץ נאָך אַנדרייען? פֿאַר וואָס זשאַלעוועסטו אַזוי אַ טויטן און מיך אַ לעבעדיקן זשאַלעוועסטו גאָר נישט? איך האָב מיין ליבע צו דיר פֿאַרגאָסן מיט בראָנפֿן, טאַטיאַנע. און שוין, זאָגט ער, נאָך אַלעמען. שפּעט. אַליץ פֿאַרברענט. שוין אַן אַלטער מאַן בין איך. אַ שאָד, אַ שאָד, מיין ליכטיקע טאַטיאַנע.

פֿון קיך האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ, ווי עפּעס וואָלט איינגעפֿאַלן. אסתר איז אויפגעשפּרונגען. נאָכן קלאַפּ — טריט. זיי האָבן זיך דערנענטערט צום צימער, צו דער טיר. זיך אויסגעדרייט און שווער זיך געשאַרט הין און צוריק. טאַטיאַנע האָט ווייטער גערעדט, ווי זי וואָלט געווען אַליין. איר איז שוין גע־ווען אַליץ איינס: הערט אסתר, צי נישט.

— ער האָט מיך גענומען אונטערן אָרעם און מיר זענען אַוועק נאָכן עולם. זיי זענען געגאַנגען דורכן דאָרף מיט געזאַנג. פֿאַרלעך האָבן געטאַנצט פֿאַרויס, געפּאַטשט, געשריען און מיר זענען געגאַנגען נאָך זיי. איך האָב געוויינט און וואַנקע האָט שיכור געפּלוידערט:

— מיין קליינע טאַטיאַנעלע, זאָגט ער, ליכטיקע מיינע, אויסוווּרף דו, פֿאַר וואָס טייבעלע? פֿאַר וואָס האָסטו אַזוי געטאָן? מיין טייער טייבעלע, פֿאַר וואָס, צו אַלדע שוואַרצע יאָר?

אַזוי רעדט ער און האַקט זיך מיט די פֿויסטן אין האַרץ אַריין.

דער עולם איז פֿאַרביי אונדזער גאָרטן. וואַנקע האָט מיר פֿאַרשטעלט דעם וועג, אָפּגעשטעלט מיך.

— שטיי, שטיי, אָט דאָ, זאָגט ער, אויף דעם אָרט, האָב איך זיך געבעטן ביי דיר — טאַטיאַנעלע, גאָלדענע, האָב חתונה מיט מיר. אַך, אַ מויד ביסטו געווען, אַ טייערע מויד טאַטיאַנאַ!

אַזוי זאָגט ער און קוקט אויף מיר מיט אויגן פֿול מיט טרערן.

אַ קלאַפּ מיט דער גאַס־טיר. דאָס שאַרן זיך פֿון די טריט אין קיך האָט זיך איבערגעריסן. דער דיעדושקאַ איז אַוועק. דער ווינט האָט זיך אַריינגעריסן אין

שטוב. אַ טרייסל געטאָן מיטן גאַנצן צימער, זיך צעשאָרשעט אין די פאַרטרוקנ־טע בלומען איבער דער איקאָנע. דער פאַפּירענער סטאַלין־פּאָרטרעט, צוגענאָגלט צו דער וואַנט, האָט זיך אָנגעבלאָזן ווי אַ זעגל, זיך אָפּגעריסן, געוויגט זיך הין און צוריק און געבליבן הענגען קרום, אויף איין טשוועקל.

טאַטיאַנע האָט קיינעם און קיין זאַך נישט געזען. זי האָט ווייטער גערעדט מיט אַ מידן קול:

— אַלע זענען אַוועק פאָרויס, איך האָב זיך אָנגעשפּאַרט אין פּלויט. אַזוי שוואַרץ איז געווען פאַר מיר. וואַנקע האָט אַוועקגעלייגט זיין קאָפּ אויף מיר און זיך צעוויינט. צעשריִען זיך הויך אויפן קול:

— אַ שיינע ביסטו געווען, טאַטיאַנע, אַ טייערע גאָלובושקע, ביסט אַלט געוואָרן, מיין גאָלדענע, אַלט געוואָרן, אַ שאָד, אַ שאָד.

און מיר איז געווען קאַלט. דאָס בלוט האָט מיר געפרוירן אין די אָדערן. מיט אַ מאָל האָב איך דערהערט טריט נעבן מיר. דאָס האָט דער דיעדושקע אונדז דערזען. ער איז צוגעקומען נאָענט צו אונדז, אָנגעקוקט ווי מיר שטייען אַזוי ביידע, אַ שפּיי געטאָן אויף מיר און אַרויסגעברומט: — „ווי הינט ביים פּלויט!" וואַנקע האָט זיך פאַרקוקט אויף אים, זיך געגעבן אַ שטופּ אָפּ פון מיר און מיט אַ געבויגענעם קאָפּ אַוועק אַהיים. איך בין אַריין אין שטוב. אַנדריושקע איז נאָך נישט געווען. ער איז נאָך געווען אויף דער הוליאַנקע. בין איך גע־בליבן זיצן, געזעסן. אַזוי אַליין געזעסן און דערמאָנט זיך מיין אנדריושקען נאָך אַ קינד, ווי ער איז דאַן געלעגן און געוואַרט אויף מיר...

זי האָט זיך פאַרקוקט אויף דער טונקעלער, צעוואָרפענער בעט. עפּעס געזוכט אַרום זיך. די גרויקייט אין צימער איז געוואָרן אַלץ געדיכטער. דער ווינט האָט געהוזשעט, געריסן די לאָדן.

— סטעראַ — האָט זי געזאָגט — איך האָב אַרויסגענומען דאָס פלעשל און געטרונקען.

זי האָט דערפילט דאָס פלעשל ביי זיך אין האַנט.

— טרינק אַ ביסל, סטעראַ — האָט זי געבעטן — טרינק, פאַרשטייסט, סטעראַ, דער דיעדושקע האָט אַ שפּיי געטאָן אויף מיר. אַלץ איינס. זאָל זיין. שאדט נישט. איך האָב געהוליעט, אַוודאי האָב איך געהוליעט. פאַרהוליעט אַ לעבן.

**
*

אסתר איז אַרויס פון טאַטיאַנען מיטן העמד אונטערן אָרעם. זי האָט מורא געהאַט, אַז דער קאַלטער ווינט וועט עס אַרויספליקן פון אירע הענט און אויס־שמירן אין בלאָטע. האָט זי עס פעסטער געדריקט צו זיך.

זי וועט עס נישט פאַרקויפן — האָט זי באַשטימט — נישט אַוועקגעבן פאַר אַ ביסל קאַרטאָפל.

צוגעקומען צום פּלאַץ, האָט זי אַנטקעגן דער קליינער טריבונע דערזען דאָס בערגל. אָט איז ער אַנדרייס קבר. אַזוי פיל מאָל דאָ פאַרבייגעגאַנגען, דאָס ערשטע מאָל אים היינט באַמערקט.

אסתר האָט נישט געפילט, ווי זי האָט פאַרשנעלערט איר טראָט. ביים קבר זיך אָפּגעשטעלט און מער נישט געקענט זיך רירן פון אָרט. די אויגן זענען איר פול געוואָרן. דורך די טרערן האָט זי פלוצלונג דערזען נאָך אַזאַ בערגל. זי האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, אַ ציטערנדיקע זיך אָנגעכאַפּט אָן היל־צערנעם סלופּעק.

אויף אַ ווייטן, פאַרוואָרפענעם וועג איז געשטאַנען פונקט אַזאַ בערגל. זי האָט אַ קרעכץ געטאָן, ווי עפּעס אין איר האָט זיך אָפּגעריסן. אַנגסטן פון שרעק האָבן ווי אַ שלאַנג, געוויקלט זיך אַרום איר לייב, איבער די הענט און פיס, אַריין אין איר. פאַרנומען זי אין גאַנצן. פון די שפּיץ נעגל ביז די האָר. זי האָט מיט די הענט זיך פאַרשטעלט די אויגן. אַלץ אין איר האָט זיך געוואָרט, גע־וואָלט שרייען: „ניין"! אָבער דאָס בערגל האָט גובר געווען. ווייט, ווייט אַנט־קעגן איר, איז עס בולט געשטאַנען, צעטראָטן...

אירע טרערן זענען שטיל געפאַלן אויף אַנדרייס קבר.

דער ווינט האָט געיאָמערט, געוואָיעט, געוויינט.

# אויסטייטשונגען פון ווערטער *)

**אַאול** — קאַזאַכישער דאָרף

**אַיוי** — אוי

**אַטשערעד** — ריי

**אַכראַניק** — וועכטער, שומר

**אַטרובעס** — שאָלן פון איבערגעזיפּט מעל

**בושעווען** —אַרומהוליען

**באַביאַשקי** — ווייבלעך

**באַבעס** — ווייבער

**באַלטאַיען** — פּלוידערן

**באַלניצע** — שפּיטאָל

**בזניק** — וואַסערדיקע, שוואַרצע יאַגדע, וואָס וואַקסט צווישן ווילדע גראָזן

**בײַק** — אָקס

**ביעשאַנאַיאַ** — משוגענע

**ברעשע** — ביל

**בליאַד** — אויסוואָרף

**בריגאַדיר** — אָנפירער פון אַרבעטס־גרופּע

**גרוזאָוויק** — לאַסט־אויטאָ

**גרוזשטשיקעס** — לאַסט־אַרבעטער, טרעגער

**דיעדושקאַ** — אַלטיטשקער, זיידע

**דאָליע** — גורל

**דאַטשקע** — טאָכטער

**האַרגיצע** — הויפּט־צימער

**הרעשניע** — זינדיקע

**מי הרעשניע** — מיר זינדיקע

**האָספּאָדי** — גאָט

**האַוװגיאַקעס** — געטרוקנטע פערד און קו־אָפּפאַל

**האַלאַדראַנקע** — שלעפּערקע, אָפּגעריסענע

**וויכאָדנאַי** — פרייער טאָג

**ווּפּיעראַד** — פאָרויס

**זאַגאַט זריערנאָ** — תבואה־שפּייכלער

**זאַמאָרעק** — אויסגעדאַרטער, פּיזיש נישט אַנטוויקלטער

**זאַסיקעס** — אָפּגעטיילט אָרט אין צימער פאַר תבואה

**זשאָרנע** — האַנט־מיל

**טאַבונען** — סטאַדעס פערד

**טיעלעגע** — אַ וואָגן

**טרוד־אַרמיי** — אַרבעטס־אַרמיי

**טשעפּוכאַ** — שטותערײַ, נאַרישקייט

**טרודאָדני** — אַרבעטס־טעג

**טשאָרט** — טײַוול

**טיאָטקע** — מומינקע

**טאַראַקאַנעס** — שוואַרצע ווערעם

**טשײַ** — טיי

**טשיביטשייקע** — קאַזאַכיש היטעלע, אויסגענייט מיט זילבערנע און פאַרשידן־קאָליריקע פעדעם

**יעדנאָליטשניקעס** — פּויערים, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן אין קאָלכאָזן

**יעוואָ** — זיין, אים

**כאַזאַיקע** —באַלעבאָסטע

**כאַטקע** — הייזקע

**כליעב־אובאָרקע** — דאָס אַראָפּנעמען די תבואה פון די פעלדער

**לוסקעס** — שאָלן פון קערנער

**לעפּיאָשקע** —רונדיק פּלעצל

**לעפּיאַנקעס** — הייזקעס פון ליים און ערד

**לאַפּשאַ** — לאָקשן

**לאַדושקעס** — קריגעלעך

**ליכאָראַדקע** — קדחות, מאַלאַריע

**מאַלאַדיעץ** — בריה

**מוטשיטסאַ** — מאַטערט זיך

**מאַלטשיק** — יונגל

**מוזשיסקע** — מענערישע

**נאַטשאַלסטוואָ** — די מאַכט

**נאַראָד** — פאָלק

---

***) די אויסטייטשונגען פון די ווערטער זענען געגעבן אינעם זין פון דער אַקציע, אָדער כאַראַקטעריסטישע אויסדרוק פון די פּערסאָנאַזשן. יענע ווערטער, וועלכע האָבן שוין אַן אויסטייטשונג אין טעקסט, קומען דאָ נישט אַריין.**

**נאַשיע** — אונדזערע

**ניעבאָשטשיק** — אַ נפטר

**נאַש־בראַט** — אונדזערע ברידער

**סאָבאַקי** — הינט

**סאָהרעשילי** — פאַרזינדיקט

**סמעטניק** — אָרט פאַר מיסט

**סעל־סאָוויעט** — דאָרפס־ראַט

**סערדצע** — האַרץ

**סקאָוואָדע** — פאַטעלניע

**ספּודניצע** — קלייד

**סינאָטשעק** — זונעלע

**סעל־פּאָ** — דאָרפס־געוועלב

**סטאַראָזשיכע** — וועכטערין

סונגדוק — מעבלשטיק אין דער פאָרעם פון אַ קאַסטן

**פּיעטראַ** — טאָג פון הייליקן פּיאַטר

**פּיעראָזשקעס** — געפילטע געבעקסן אין דער פאָרעם פון פאָנטשקעס

**פּיאַלושקע** — טיי־שיסעלע

**פּופּייקע** — וואַטענער, קורצער מלבוש

**פּריקרע** — אומאָנגענעם

**פּלאָשטשאַד** — פּלאַץ

**פּישקע** — פלעצל פון נישט געזייערט טייג (קאַזאַכיש ברויט)

**צערקווע** — רוסישע קירכע

קוביש — נאָמען פון אַן אָזיערע פון דאָרף דערנעבן

**קאַרטאָפלאַניק** — קאַרטאָפל־קוסט

**קומא** — פריינדין

קורניקל — נאַפּט־לעמפּל אָן אַ גלעזל

**קיזיאקעס** — מיסט־ציגעלעך צום הייצן

**קליעשטשל** — ווערעמל וואָס זויגט דאָס בלוט

קוואַרטיר — דירה

**שאַלאַקאַיעט** — געשמועסט

**ראַזאָרע** — שמאָלער וועג צווישן ביידן

**ראָדינע** — היימלאַנד

**וועגן אַלע ענינים פון פאַרלאַג זיך ווענדן:**

**EDITORIAL "IDBUJ"**

**BOULOGNE SUR MER 671 — T. E. 87 - 9566 — BUENOS AIRES**

